# פּרץ הירשבּיין

# יובל-שריפט

## צו זיין
## פינף און זעכציקסטן
## געבוירן טאָג

---

### שבּת, אָקטאָבּער דעם 5-טן, 1946

**ווילשייער-איבּעל טעאטער**

**4401 וועסט אכטע גאַס**

**לאס אנדזשעלעס, קאליפארניע**


7

צום 65-טן געבוירן טאָג

— פון —

# פרץ הירשביין

געפייערט שבת אָוונט, אָקטאָבער דעם 5-טן, 1946

אין ווילשייר-עבעל טעאַטער, לאָס אַנדזשעלעס

ווערט געשפּילט

## „אַ פאַרוואָרפענער ווינקל"

אין 4 בילדער, געשריבן פון פּרץ הירשביין

אויפגעפירט פון ראובן ווענדאָרף.

פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

| | |
|---|---|
| נאָטע — אַ קברן | וואָלף גאָלדפאַדן |
| טודרוס — זיין פאָטער | ראובן ווענדאָרף |
| קריינע — נאָטעס ווייב | באבעלע בלאקמאַן |
| צירל — זייער טאָכטער | באַשע סלאָבאָדסקאַיאַ |
| חיים הערש — אַ מילנער | בן-צבי באַראַטאָוו |
| קרייסל — זיין ווייב | לאה ווענדאָרף |
| נח — זייערע קינדער | סעם טרייבוש |
| חיה — זייערע קינדער | סילוויאַ אייבראַמסאָן |
| דאָבע | פּאָליאַ קאַפּעלאָוו |
| כאַצקל — האָליץ הענדלער | עזראַ סטיין |

---

| | |
|---|---|
| ה. רויזענבלאַט | דערעפנונג וואָרט צום אָוונט |
| יעקב גלאַטשטיין | קאָליעגיאַלע באַגריסונג צום יובילאַר |
| פּרץ הירשביין | זיין וואָרט צום פאַרזאַמלטן עולם |

ה. ראָזענבלאַט

## געציילטע עטלעכע שורות צו פּרץ הירשביין, אין טאָג פון זיין 65־טן געבוירן־טאָג



אין אַ צייט פון פאַרכמאַרעטע שטימונגען פייערן מיר, אין יאָר 1946, דעם יובל פון איינעם פון אונדזערע אָנגעזעענסטע שריפטשטעלער, אין אונדזער ליטעראַטור — **פּרץ הירשביין**. נאָר וועו פראַוועו מיר שמחות אין פריילעכע צייטן? איז טאַקע גוט, וואָס דווקא, אין דער איצטיקער שווערער צייט, דער־מאָנען מיר זיך אָן אונדזערע חשובע פען־קינסטלער, וועלכע ווערן פאַרשוואַרצט אינאיינעם מיט זייער פאָלק:

„העכער, העכער הויבט דעם בעכער, —
חי־געלעבט! און חי־געקוועלט!
אויף צעפּוקעניש די שונאים,
אויף צו־להכעיס גאָר דער וועלט".

---

„הפקר, הפקר, אַלץ איז הפקר,
ווי ס'איז הפקר אונדזער בלוט!
אַ כפּרה הונדערט וועלטן
פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט!"

(פון ביאַליק'ס „אַ פריילעכס". י. י. שוואַרץ'ס איבערזעצונג)

אוודאי האָט ח. נ. ביאַליק נישט גערופן צום טאַנץ, נאָך אַזאַ מורא'דיקע פאָלקס לויה, ווי די, וואָס האָט זיך נאָך פאַר אונדז אידן ניט געענדיקט; זיכער האָט ער ניט געוועקט צום ביטערן טאַנץ די וואָס זיצן שבעה נאָך זעקס מיליאָן אויסגעשאָכטענע פון אונדזער פאָלק. ער האָט זיין „פריילעכס" געזונגען מן הסתם אין אַ „פריילעכערער" צייט, ווי אונדזערע. אָבער פריילעך איז אונדז קיינמאָל ניט געוועזן. איז וועו־זשע זאָלן מיר פאַרט פראַוועו אונדזערע שמחות? אויף דעם ענטפערט ביאַליק:

„און אָן אויפהער זאָל זיך ציען,
זאָל זיך שלענגלען אייער ראָד
פון דעם הקדש ביזן בית־עולם,
פון דעם שול־הויף ביז דער באָד".

אזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן, און אַזוי טוען מיר אויך היינט. דווקא אין דער איצטיקער טראַגישער צייט טאָרן מיר ניט פאַרגעסן אָן אונדזערע שריפט־שטעלער, וועלכע זיינען אונדזערע מיטקלאָגער, אונדזערע טרייסטער בשעת אַן עת־צרה; אונדזער באַטייליקער אין אונדזערע פריידיקע מאָמענטן, וועלכע זענען אזוי ווינציק און קאַרג, אין דעם לעבן פון אונדזער פאָלק.

היינט, אין האַרבסט פון יאָר 1946, אין דעם שטענדיק גרינעם לאַנד קאַ־ליפאָרניע, אין דער יונגער וואַקסנדיקער שטאָט, לאָס אַנגעלעס, פּראַוועו מיר

דעם יובל — 65 יאָר לעבן — פון איינעם פון אונדזערע באַרימטע שריפטשטע־לער — דראַמאַטורג, ראָמאַניסט, עסייאיסט און פּאָעט — **פּרץ הירשביין.**

ניט אין אַ קורצער באַגריסונג איז דאָס אָרט צו רעדן וועגן אַזאַ פילזייטיקן שריפטשטעלער ווי פּרץ הירשביין. דער ליטעראַרישער טיש, פּרץ הירשביינס, איז אַ צו רייכער, אַז מען זאָל קענען טועם זיין פון יעדן געריכט באַזונדער אויף איין מאָל. ווילן מיר דאָ בלויז כאַפּן אַ לעק און אַ שמעק פון אַ פּאָר פון זיינע געריכטן, אין וועלכע ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס הויפּט בריה . . .

**פּרץ הירשביין** איז קודם־כּל באַרימט אַלס אידישער דראַמאַטורג; אַלס בויער פון אַ נייִ אידיש טעאַטער. אין 1905 פּאַרעפנטליכט ער זיין ערשטע דראַמע, „מרים", אין ווילנער זשורנאַל „הזמן", און מיט דריי יאָר שפּעטער אָרגאַניזירט ער די באַרימט־געוואָרענע פּרץ הירשביין טרופּע מיט דעם צוועק אַרויסצופירן דאָס אידישע טעאַטער אויף נייע וועגן. דאָ איז אויך ניט דאָס פּלאַץ זיך צו פאַרנעמען מיט דער געשיכטע פון דעם הירשביין טעאַטער. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז דאָס דערמאָנטע נייע טעאַטער איז געווען אַ נייער צוגווינט אין דעם דעמאָלדיקן גאָלדפאַדן טעאַטער־וועלטל. די השפּעה וואָס הירשביינס אידילישע איינאַקטערס האָבן געהאַט אויף די אידישע אינטעליגענטע שיכטן פון אונדזער פאָלק, האָט זיך צום בולטסטן אַרויסגעוויזן אין ניו יאָרק, אין די ערשטע גרינגע יאָרן פון אונדזער יאָר־הונדערט. אין כמעט אַלע ווינקעליך פון דער ניו יאָרקער „איסט־סייד" האָבן אויפגעבליט אידיש־דראַמאַטישע פאַראיינען און קלובן, וועלכע האָבן מיט זיך אַליין געלערנט פּרץ הירשביינס איינאַקטערס, און די גרעסערע פּיעסן זיינע, און געלערנט מיטן טעאַטער־הונגעריקן אינטעליגענטערן עולם פּרץ הירשביין־דראַמאַ. כאַראַקטעריסטיש איז אָט־דער קליינטשיקער עפּיזאָד: אין יענע גרינגע יאָרן האָבן צוויי בחורים׳לעך— פּרץ הירשביין, און דער שרייבער פון די עטלעכע שורות—זיך אַרויפגעדראַפּעט ערגעץ אויף אַ בוידעם, אין אַ „איסט־סיידער" געביידע, וואו איינער פון די פילע טעאַטער־קלובן האָבן זיך געמאַכט זייער נעסט, און פון דאָרט אַראָפּגעטרילערט זייערע שוואַכע טעאַטער פּישטשענישן. דאָס בחורל, וואָס איז געשטאַנען ביים טיר, און געהיט, אַז עפּעס אַ פּאַרשוין זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן, חלילה, אָן אַ בילעט, — האָט אונדז: הירשביין, דעם אויטאָר פון די איינאַקטערס, וועלכע זיי האָבן געשפּילט, און מיך, דעם פריש־געבאַקענעם פּאָעט, ניט געוואָלט אַריינלאָזן אָן בילעטן. הירשביין האָט געטענה׳ט: סטייטש, — אַך . . . דאָס בחורל האָט ניט געוואָלט הערן און גערענקען, ביז איינער פון די סאַמע „טשלענעס" פון דעם דראַמאַטישן קלוב האָט אונדז אויסגעלייזט פון דעם שטרענגן וועכטער, ביי דער טיר. פּרץ הירשביינס אידיליעשע איינאַקטערס און פולע פּיעסן האָט ער זייער גוט געקענט, און זיי שטאַרק ליב געהאַט, אָבער אַז הינטער די דראַמעס שטייט אַ לעבעדיקער בשר־ודם איז ער ניט אינגאַנצן זיכער געווען. נעמט עס ניט אָן פאַר קיין וויץ: אין יענע גרינגע יאָרן האָבן געלעבט טעאַטער־גייער, וואָס זיינען געווען אונטערן איינדרוק, אַז דער אַקטיאָר אַליין רעדט אַראָפּ זיין עברי פון דער בינע, אָן דער הילף פון עפּעס אַ שרייבער. עפּעס האָט זיך אַ דיבוק אַריינגעכאַפּט אין אים, רחמנא־לצלן, און עס שרייט אַרויס פון אים . . . פאַרשטייט זיך, אַז דער מין איז געווען אַ גאָר קליינע מינאָריטעט, אין דעם אידישן שיכט טעאַטער־גייער.

**פּרץ הירשביין** איז געווען אַ רבי. געקנעלט מיטן גרינעם עולם אין אַמעריקע הלכות אידיש טעאַטער. און ער האָט טאַקע געהאַט אַ גרויסע פּעולה אויפן גרינעם, און האַלב אויסגעגרינטן אידישן עולם אין אַמעריקע. אין יאָר 1918 האָט דאָס ניו יאָרקער אידישע קונסט טעאַטער זיך איינגעשטעלט אויפצופירן הירשביינס „אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל". די דראַמע, וואָס ווערט געשטעלט אין יאָר 1946, צו זיין 65־טן געבוירן־טאָג, אַ קיימא־לן — 28 יאָר נאָך דער ערשטער אויפפירונג אירער.

פרץ הירשביינס דראַמעס זיינען געווען אַן אומגעהויערער דערפאָלג, און האָט אָפּגעפרישט דאָס פאַרגליווערטע טעאַטער. הירשביין איז געווען דער ערשטער אַרויפצופירן אויף דער אידישער בינע די פשוטע אידישע משפחה, דעם פּראָסטאַצקן אידישן דאָרפס־איד מיט זיין אמת׳דיק־קינדערישער נשמה, דאָס אידיש אידילישע משפחה־לעבן פון דעם מענטשן, וואָס שטייט נאָענט צו דער ערד, און איז פּראָסט און אמת׳דיק ווי די ערד.

דער אידישער טעאַטער עולם אין אַמעריקע איז אָבער נאָך ניט ווי געהעריק געווען דערצויגן, און האָט זיך צוריק אַ צי געטאָן; — צוריק צום טעאַטער, צו וועלכן עס איז געוואוינט געוואָרן אין די לאַטיינער־זאָלאָטאַרעווסקי עפּאָכע. די קונסט טעאַטערע האָבן געזוכט אַ געזיכערטע קאַסע, אָן ספּעקולאַציעס. דאָס טעאַטער האָט זיך צוריק אַריינגעקליבן אין די שונד־טעמפּלען.

**פּרץ הירשביין** אַלס ראָמאַנען שרייבער, וועלט באַרייזער, עסייאיסט און דיכטער פאַרנעמט אַ שיינעם אויבנאָן אין אונדזער אידישער ליטעראַטור און איז אַ באַזונדער רייך קאַפּיטל פאַר זיך. היינט צו טאָג שטייט הירשביין אין סאַמע צענטער פון אונדזער ליטעראַטור. אַלס אַזעלכן באַגריסן מיר אים צו זיין 65־יאָריקן יובל. מיר ווינטשן אים אריכות־ימים, געזונט און פרייד; אַ פרישן קוואַל פון שעפערישן כוח. מיר קערן אום צו אים אונדזער פּנים, און מיר זאָגן אים: מיר דאַרפן אייך **זייער, זייער** נויטיק האָבן — **פּרץ הירשביין!**



## פּרץ הירשביין

### (דראַמאַטישע פּאָעמע)

זומער פאַרטאָג. שטאָל שמעלצערייען. אייזען פאַבריקען. אין רויך־קנוילען איז דער ראַיאָן. צייטענווייז רייסט זיך ארויס אַ פלאַם און וואַרפט אויף אַ ווײַלע פון זיך אָפּ די נאַכט. יעמאָלט באַווייזען זיך אין רויטען שיין נאַקעטע מענשען ביז די לענדען מיט מידע באַוועגונגען. ערגעץ האַמערט אַ האַמער אויף אַ קאָוואַדלע. דעם האַמער־קלאַנג באַגלייט אַ צופלאַצטער באַריטאָן וואָס קומט אַרויס פון צווישען די טיגלען.

ע ר ש ט ע ר (וואָס זינגט): —

קלינג און קלאַנג,
שלינג און שלאַנג,
געהט מיין קלאַנג
זיין וויסטן גאַנג . . .

(אַ שווערער הוסט רייסט איבער דעם געזאַנג).

צ ו ו י י ט ע ר : —

דיין געזאַנג און דיין הוסט —
מיעד בין איך פון ביידען.

ע ר ש ט ע ר : —

און פון האַמערס שוואונג און קלאַנג?

צ ו ו י י ט ע ר : —

צו'נים בין איך אַ קנעכט ווי דו,
מעגסט מיר גלויבן טאַם.

ט אַ ם : —

ווען נישט הוסט און געזאַנג
און האַמערקלאַנג,
קען מען מיינען, אַ מחנה רוחות שטומע
האָט זיך דאָ צונויפגענומען

די פייערן אָפּצוהיטען.
אַלע זייט איהר שטום דאָ ווי עס קומט
די נאַכט.
ווי דער איד דער איין און איינציגער דאָ
דער — לערנסט אַלעמען שווייגען,
טייוועל איינער.
וואו ביסטו, גד?
איך בין דיר, גד, קיין שונא ניט.
כאָטש כ׳ווייס דו ביסט מיר נישט קיין פריינד.
ווייל ברענען ברענט דער פייער
אַלעמענס לונגען גלייך.
אויך ביים פייער ביסטו קנעכט
כאָטש פאַרשטאַרקסט זיין פלאַקער.
ביסט איהם מקריב
בלוט.
כ׳ווייס, דיין אייגען בלוט.
שווייגסט גד.

ג ד : —

בין שטאָלץ וואָס כ׳שמעלץ דעם שטאָל,
קען נישט פאַרלייקענען.
אָבער קנעכט צי האַר — ווען אַרט עס?
וואָס געהט דעם פייער אָן
ווער עס היט איהם?
ווער ס׳צובלאָזט איהם:
איך אָדער נישט — ביידען
קענען פלאַמען דערגרייכען.
און ביידע קענען
דעם פייער אונטערטעניג מאַכען — כאָ.

ט אָ ם : —

ביסט גערעכט.

ג ד : —

שטענדיג גיסטו מיר גערעכט.
און שטענדיג זאָגסטו אין דער הויך,
אַז דו האָסט מיך נישט פיינט.

ט אָ ם : —

דאָ, ביים פייער —
וואָס איז דער חלוק?
דער וואָס צינדט און צינדט די פייערען,
דער וועט אויך פון פייער
ווערען פאַרברענט.

ווייסען נישט וואָס רחמנות איז,
אפילו קליינע פונקען
וואָס שפּריצען פון אונטער'ן האַמער ארויס.
האָט מיר איינער שיער מיין אויג
נישט אויסגעברענט. (זינגט):

שלינג און שלאַנג,
קלינג און קלאַנג,
געהט מיין קלאַנג
זיין ווייסטען גאַנג.

אַז דו זינגסט קען מען צעהלען וויפיעל לעכער
האָסט אין יעדען
פון דיינע לונגען.

ט אָ ם :

מיין געזאַנג, ווי איך זעה,
האָט ביי דיר נישט אויסגענומען.
זאָג דעם אמת. כ'האָב דיך ליעב,
פלייצע, דו איינגעבויגענע.

ג ד :

פאַרוואָס נישט? איך האָב ליעב
געזאַנג וואָס איז פון פייער
דורכגעברענט.
איך האָב דיר שוין געזאָגט ווי ליעב
איך האָב דעם פלאַמיג-רויטען
צינישען געפייף אין די געדערים
פון די אויוועגס.
ווען איך ווייס אַז פייער וועט נישט
שטילער ווערען,
וואָלט איך קיינמאָל נישט פאַרריגעלט
אָט די שווערע טירען.
אָבער אויך דורך טירען שטאָלענע הער איך
ווי אַ ווידערקול
וואָס קומט פון ווייט און גלעט
מיט גלוטיגע גלוטיגע פינגער.

אַ ש ט י מ ע : (פון דער זייט):
באַרימערייען פוסטע און
אויסגעדראָשענע.

ט אָ ם :

פאַרגינסט נישט, טייוועל בלאָטיגער!

ג ד :

האַ-האַ-האַ-האַ.

טאם:

איך פאַרגין דיר, גד, דיין געלעכטער.
איך פאַרגין
אַלעמען, אַלעמען.
איך ווייס, אַז באַריהמערייען איז צייטענווייז
מיין שוואַכקייט אויך.
עך, עס שלאָפט מיין ווייב אין בעט
און ביים זייט איהר קינד — פון וואָס חלומ׳ט
זי איצטער דאָרטען?

שטימען:

— חלומ׳ט נישט פון דיר, נאַר.
— האָב געמיינט. די ליעבע פון ביינאַכט
נאָר זי טראָגט אין איהרע געדערים קינדער —
אינגלאַך, מיידלאַך,
צווילינגס,
דריילינגס.
— נאַרישקייטען. פרעג זיך נאָך די
וואָס קומען באַגינען פון שאַכט אַרויס
און שלעפען זיך מיט שווערע הענט
מיעדע און פאַרשלאָפענע צו ווייב און קינד
אַהיים.
ס׳קען די זון אויך אָן עדות זיין
סיי פאַר טייוועל
און סיי פאַר גאָט.
— עך, ווען נישט דער שוויים וואָס טריפט
טראָפּ נאָך טראָפּ פון שטערן אַראָפּ
אַ גאַנצע, לאַנגע נאַכט.
— עס איז דער טאָג אויך
פון דער ליעבע אַ פריינד.
— איהר ווייסט, איך האָב אַמאָל געפּרואווט
דאָס פעלד אַקערן און זייען.
די ערד איז אָבער אַ שטרענגע מאַמע.
ווערט זי בייז אויף איהר׳ס אַ קינד,
קומען דערנער אַרויס
פון זיין פּראַצע.
— און צי איז דאָס אַ דרך
פאַר אַ מאַן אויסצויעטען ווילדע גראָזען
ווען זיי וואַקסען?
איך האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען
דעם חילוק
פון אומקרויט ביז צום חנ׳עוודיגען
זאַנג,

ווען בײדע זענען שוין פון ד׳רערד אַרויס.
— דאָס איז אמת. די ערד, זי איז
אַ שטרענגע מאַמע.
גיט זי אײנעם ברויט, מילך, און
דעם אַנדערען —
האַ, דער טײװעל װײסט.

ט אָ ם:

װײסט, גד, בײנאַכט, נאַכט און נאַכט,
ביסט אַװעק פון װײב און קינד
קומט אויף געדאַנק גאַנץ אָפט אַרויס
אַזאַ מחשבה,
אַז אומזיסט האָט מען פאַרשלאָסען
אַהינטער טירען שטאָלענע, פײער.
האַלטען עס פאַרשלאָסען ס׳זאָל דוקא
די רודע כסדר שמעלצען.
שוין גאָר צופיעל האָבען מיר איהם
פאַרשטעלט דעם װעג.

ג ד:

גרעניצען פאַר זיך װעט פײער אויך באַשאַפען
אויב פײער װעסטו
אין הענט פון פײער
איבערגעבען.
גיב עס איבער אין הענט
פון װינט —
ער װעט שוין פײער שיקען
אויפ׳ן רעכטען װעג.
אויפ׳ן ריכטיגען װעג.

ש ט י מ ע ן:

— װי ער װײסט מיט׳ן צונג אַזוי פלינק
הין און הער צו דרעהען.
דאַכט זיך שװײגט —
און הערט װאָס מען רעדט.
גלײכער די צונג
זיך אײנצובײסען,
אײדער רעדען און ער
זאָל אונטערהערען.
— עך, װען ער זאָל
אין צוגליטען שטאָל
כאָטש די צונג זײנע
אָפּטונקען.
האַ־האַ־האַ־האַ־האַ.

ט אָ ם:

גד, דו שווייגסט.

ש ט י מ ע ן:

— שטאַרקער נאָך פון אונזערען אַ מענשען.
כאָטש אַביסעל איינגעבויגען.
גלייך דעם קאָפּ וואָלט איהם
שווער געווען.
— שוין אַ שטאָם אַזוינער. דער טייוועל ווייסט
וואו די וואָרצלען זיינע קריכען!

ט אָ ם:

גד, איך וואָלט פאַר ווערטער אַזוינע —
דאַכט מיר ביסט קיין נאַר נישט, גד.

ש ט י מ ע ן:

— קליגער טויזענד מאָל
פון איינעם אַ אונזעריגען.
— שווייגט, ווייל ער איז אַליין.
זאָל ער אַרום זיך נאָך אימיצען
פון זיינע לייט דערשפּירען —
גלויבט מיר, ער וועט דעם קאָפּ זיינעם שוין געפינען.
— איצטער אויך דער קאָפּ אויף זיינע פּלייצעס
שטאַרקער ווי ביי דיר.
אָ, איך קען זיי גוט,
די קינדער פון זיין שטאָם.

ט אָ ם:

גד, דו שווייגסט?
איך אויף דיין פּלאַץ, כ'וואָלט שוין וויסען
אין וואָס אַ האַנט צו קראַצען
ווען זי בייסט.
(פון ערגעץ קומט געזאַנג פון אַ פרוי. אַ ווײַלע שטיל).

ש ט י מ ע ן:

— אַזוינס נאָך נישט געהערט ביינאַכט.
— נישט עס קומט אַרויס
פון אונטער דר'ערד?
— אימיצענס אַ ווייב. העי,
וועמעס ווייב געהט אַהער?
— מיין ווייב קען נישט זינגען
און ווייסט נישט דעם וועג אַהער.
— פון יענע פרויען מסתמא
וואָס שלאָפען ביטאָג. אָדער —
ווער קען וויסען.

טאָם:

ביינאַכט
אַז מען זוכט די רוה
און אומרוה רופט —
ווער ווייסט אַ חילוק פון גוטס
ביז שלעכטס.
זאָל עס זיין אַ אייגענע.
זאָל עס זיין אַ פרעמדע. העי,
קום אַהער!
צו אונזער פייער זיך דערוואַרימען
אויב דיר איז קאַלט אין אַ זומער נאַכט.

אַ שטימע: (פון אַ פרוי גאָר נאָהענט):

וויפיעל זענט איהר דאָרטען?

טאָם:

אַ גאַנצע מחנה בראָט זיך דאַ
צווישען אויוועגס.

אַ שטימע: (פון אַהינטער אַן אויווען):

און אַ איד אַן איין-און-איינציגער,
מיט אַ פלייצע אַן איינגעבויגענע.
אפשר וועט ער דיר געפעלן.

טאָם:

עס איז צו נאָס דער צונג ביי דיר.
וואָלסט איהם בעסער אויפ׳ן בוידים
אויפגעהאַנגען —
קום אַהער, וואו ביסטו דאָרט?

פרוי (איהר שטימע נעהענטער):

דאַכט מיר שוין צווייען
האָב איך געהערט.

טאָם:

פאַראַן אַ דריטער און אַ פערטער,
אַביסעל נעהנטער און וועסט זעהן
וויפיעל שלאָפען נאָך
אַרום און אַרום.
קום נעהנטער.

פרוי:

וועק זיי אויף.

טאָם:

שטעהט דאָרט אויף, רוחות,
פאַרשאָלטענע!
עס האָט די ליעבע צו אונז

פֿאַרבלאָנדזשעט!
(צווישן די טיגלען הויבען זיך אָן צו רודערען מענשען סילועטען.)

ש ט י מ ע ן (הייזעריגע, גרילצענדיגע):

— קען נישט זיין מיין ווייב.
— זאָל זיין אימיצענס ווייב,
קען איך אויך דער אימיצער זיין.
— אַ ווייב ביינאַכט אין פעלד,
ווי דער ווינט אין פעלד —
קען אַלעמענס זיין.
— פרעגט ווי רופט מען זי.
— צו אַלדי רוחות — וואָס געהט אייך
איהר נאָמען אָן, אַז מען זעהט
איהר פנים נישט אַרוים?

ט אָ ם:

עפענט אויף אַ אויוועו און זאָל פאַלען
אויף איהר דער שיין.
און אפשר צוויי טירען עפענט אויף!
זאָל מען זי באַלייכטען
אַרום און אַרום.
צי איז זי דאָרט אַליין,
אָדער אפשר פיהרט זי
דעם טייוועל ביים האַנט.

ש ט י מ ע ן:

— עפענט אויף אַן אויוועו!
— אַ שאָד דעם פייער אויסצוקיהלען.
— אפשר איז זי יונג,
עפענט אויף אַן אויוועו.
— אַהאַ, גד, ער עפענט אויף אַן אויוועו!

ג ד:

גוט. וועל עפענען אַלע אויוועוס.
איך נעהם אויף זיך די שטראָף.
(ער עפענט אויף אַן אויוועו און דער ווייבעל־פייער וואַרפט אַ רויטען שיין אויפ'ן גאַנצען עולם וואָס אַרום און אויף דער פרוי וואָס שטעהט פון וויטען אין שמאַטעדיגע קליידער).

ט אָ ם:

דאָס האָט אַהער זי געבראַכט
מיין געזאַנג.
אַ שאָד געוועו צו ברעכען
אַלטע פיס. אפשר איז זי פון בעט
אַרויסגעקראָכען און פֿאַרבלאָנדזשעט.

און אפשר —
ווער ווייסט? אפשר איז דאָס אַ שמעטערלינג
וואָס ציהט זיך רק צום פייער.

ש ט י מ ע ן:

— רייסט אַראָפּ פון איהר די שמאַטעס!

— טרייבט זי דורך פון דאַנען!
זאָל זי מיינע זינדיגע מחשבות
נישט זינדיגער מאַכען.

— עפּעס רעכטס שלעפּט זיך נישט ארום
פאַרטאָג אַליין.
— רייסט פון איהר אַראָפּ
די שמאַטעס איהרע — רוחות!
— טרוסען זענט איהר גרויסע,
שטעהט ווי גולמ'ס ליימענע.
— וואָלסט בעסער געשיקט אַהער
דיין טאָכטער.
מיר זענען נישט אינגאַנצען נאַקעט.
פאַרמאָגען קעשענעס, זענען נישט ליידיג,
כאָטש מיר שמעלצען נישט
קיין גאָלד,
קיין זילבער —
מיר שמעלצען פּראָסטען אייזען.
— כאַפּ זי, גד, און רייס
פון איהר די קליידער אַראָפּ.

(הויבט אַליין אָן אַראָבצואוואַרפען פון זיך שמאַטע נאָך שמאַטע און שליידערט אין אויוועך אריין. רעדט מיט אַ יוגענדליכע שטימע, סאַרקאַסטיש):

ווייסט ווער, וואָס פון אייזען
קען מען מאַכען?
מעסער, העק, נעגעל, אָדער
רעלסען פאַר די באַהנען.
רידלעס, אַקעראייזען און זאַוויצעס
אָדער קייטען.
שמאַטעס העלפען אויך
פייער צו פאַרגרעסערען.

(וואַרפט די לעצטע שמאַטעס פון איהר לייב אַראָפּ אין פייער אריין. איהר יונגען קערפּער באַלייכטען די רויטע פלאַמען. א־ה־א אויסגע־שרייען פון הייזעריגע העלזער):

ש ט י מ ע ן:

— אָט דאָס איז שוין עפּעס ווערטה.
— עפענט אַלע אויוועַנס אויף!

— אַ טײַװעל!
טרײַבט זי פֿון דאַנען.
— אַפֿילו אין דער יוגענד
איז מײַן װײַב
אַזױ שױן נישט געװען.
(מען עפֿענט אױף נאָך אַ פּאָר אױװענס. די פֿײַערן פֿלאַקערן אַרױס מיט געברום. אין שײַן זעהט די פֿרױ אױס ליכטיגער, דורכזיכטיגער, מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטהעם און אָהן װערטער באַטראַכט זי דער עולם.)

פֿ ר ױ:

קענט די אױװענס שױן פֿאַרמאַכען.
װײַס דעם װעג אין דער פֿינסטער
און באַלײַכט
אַלײן מײַן װעג.
(פֿאַרשװינדט.)

ש ט י מ ע ן:

— צי איז מײַן נאָמען גאָר נישט פּאַװעל?
אָדער אפֿשר איז עס גאָר
אַ חלום.
װאו ביסטו, גד?
גיב מיר אַ קניפּ און זעה
צי איך בין װאַך.
— אַ טײַװעל געװען!
— טײַװעל, צי נישט —
אַבי זי איז שעהן.
— טײַװעל, צי מענש —
איך װאָלט זי
אין אױװען אַרײַנגעשפּאַרט.

ט אָ ם:

שױן נישט צום ערשטען מאָל
אַז מען נאַרט מיך אָפּ,
אָבער איצטער —
איך װאָלט מיך אַלײן מיט קראַפּעװע
אָפּגעשמיסען — הערי!
װאו זענט איהר דאָרטען,
קאַרל, פּוטשילאָ, דובראָװסקי —
איהר פּאַפּט צו אַלדי רוחות דאָרטען!

ש ט י מ ע ן:

— װער װײסט צו װעמען אין די הענט
זי װעט אַרײַנפֿאַלען —

איך פארגין זי
קיינעם נישט.
— געווען אט די וואס ברענגט מיט זיך
לוסט און לעבן.

א י י נ ע ר: (הויבט זיך אויף):
העי, פוטשילא, ווערסט אויף מיין אויווען
אכטונג געבען!
(פארשווינדט.)

ש ט י מ ע ן:
— נאך איהר זיך אוועקלאזען.
זאל ער יאגען
דעם ווינט אין פעלד.
— אימיצער אנדערש ווארט אויף איהר.
געקומען חוזק מאכען.
— הא, ער וועט זי כאפען.
איך פארגין איהם נישט.

ט א ם:
איך בין נישט גענארט.
זאל עס זיין וואס עס וויל:
ווייב אדער מוטער.
אבער הוילע ליעבע —
זאל זי געהן אהין פון וואנען
זי איז געקומען.
(האמערט און זינגט):
קלינג און קלאנג
שלינג און שלאנג,
געהט מיין קלאנג
זיין וויסטען גאנג.

א ש ט י מ ע (א פארשלאפענע):
מיר זענען אפילו נישט ווערטה
צו בראטען דא דאס לייב
ביים פייער.
אט וואס איך טראכט.
אדער ס'האבען דא די פלאמען
מיט דעם רויך און סם
וואסביידע טראגען אין זיך —
זיי האבען אויסגעברענט פון יעדען
ווינקעל פון מיין לייב
דעם כח.
צום טייוועל!
איך וועל אליין מיר
אין צורה שפייען.

ט אַ ם:

זי האָט אַ ביינקשאַפט אין מיין
זינדיג בלוט איבערגעלאָזען.
איך ווינש איהם גליק,
דעם נאַר.

ג ד: (לאַכט אין דער הויך):

ט אַ ם:

מאַכסט חוזק, גד, איך ווייס,
אַז דו האָסט ליעב דיין אייגען
ווייב און קינד.
איך בין אויך אַזוי,
נאַר ביינאַכט . . .
איך טראַכט אַז דאָס מוז דאָך
עפּעס באַדייטען. אַהער געקומען
איהרע שמאַטעס ברענגען.

אַ שטימע (אַ הייזעריגע):

אַז עס קומט אַ פרוי ביינאַכט
און טוט זיך אויס ווי פון מאַמעס
בויך אַרויס,
מען באַדאַרף אַזוינס באַגרייפען.
הלואי באַווייזט זיך אַזוינס
נאַכט און נאַכט.
איך וואָלט מיין האַמער און מיין צוואַנג
געשליידערט אין העליש פייער,
און זאָלען זיי זיך אין עפּעס
בעסערס שמעלצען.
(גלאָק קלינגט פינף.)

שטימען:

— נישט אין דער ריכטיגער שעה
האָט ער נאָך איהר זיך אַוועקגעלאָזען.
— מאַכט די אויוועגס צו.
— ווי קאַרטאָפעל וואָלט מען דאָ געבראָטען.
— הויבט זיך אויף פּעפער!
(מען פאַרמאַכט די אויוועגס. עס פאַרנעהמט זיך אויף טאָג).

שטימען:

— עך, ווען איך קען פון זיך
די לונגען אַרויסרייסען
און אַריינשליידערען זיי ווי שמאַטעס
אין אויוועגן אַריין.
— עס וואָלטען הינט פון זיי

אַ איבערבייס געהאַט.
— נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד —
מאַכסט פון זיך נאָר צופיעל ווערן.
— ווייב און קינד, כאַ־כאַ.
— איך ווייק מיין האַרץ
אין מיין אייגענעם געטראַנק.
רוף עס ליעבע. רוף עס סם —
אָ, עס ליגען ביידע נישט אין קאָפּ
ווען עס מאַטערט דיך
דער שלאָף.
— פאַרנעמט זיך שוין אויף טאָג.

ט אָ ם :
אומעטיג. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין
איז היינטיגע נאַכט
עפּעס ווערטה געווען. גד, דו שווייגסט?
טרעט איהם אימיצער אָן אויף זיין פוס,
איך וויל זיין קול דערהערען.
אימיצער געהט אהער. איהר הערט?
מענער צוויי.
איהר הערט?
די שטימע יאָ באַקאַנט
און נישט באַקאַנט.
האַ־האַ —
דאַכט מיר איך דערקען.

צ ו ו י י מ ע נ ע ר (סילועטען דערנעהענטערען זיך).

ע ר ש ט ע ר :
געקומען אין צייט. די רודע
איז אין טיגעל נאָך.
(עס ווערט אַ שטילע באַוועגונג צווישען עולם. מען דערנעהנטערט
זיך צו די אויוועגס.)

צ ו ו י י ט ע ר :
נישט אַזוי געשמאַק דאָ פאַר די לונגען.
וואָס זאָגסטו, טאַמפּסאָן?

ט א מ פּ ס אָ ן :
ציה טיעף גענוג דעם אטהעם, פרעד.
דאָס איז אַ מדרגה.

פ ר ע ד :
אַז איך ציה דעם אטהעם טיעפער
שפּיר איך
פון געבראָטענע פלייש דעם ריח.

טאמפּסאָן:

אָט אַזוי איז דאָס שוין.
מען קען דאַצו זיך נישט געוואוינען.
מיט׳ן חוש ביסלעכווייז דערקלייבט
מען זיך צו דעם.
אָן דעם חוש שפּירט מען אויך אין גאָלד
דעם גאָלען ריח פון בלאָטע.

פרעד:

וואָס טראַכטען דאָרטען יענע לייט,
אויב זיי הערען אונזער שמועס!

טאמפּסאָן:

וואָס זיי טראַכטען איז נישט וויכטיג.
ביים קנעכט איז נישט געדאַנק
דער עיקר,
נאָר דער טעמפּער כח וואָס ליגט
אין זיינע ביינער. אין תוך
האָב איך מיט ווערטער זיך קיינמאָל
נישט באַהאַלטען.
פאַרקעהרט,
אַז איך רעד, באַגרייף איך איצטער
דעם אומגעלומפּערטען
שווייגען זייערען.

פרעד:

וויפיעל זיינען זיי דאָ?

טאמפּסאָן:

האָב זיי פיינט צו צעהלען.
און ווען אַפילו איינער דאָרט
פאַלט אריין
אין דער צוגליהטער מאַסע —
ווער ווייס וואָס
עס ווערט אין צוגליהטען שטאָל פון איהם.
ווערט אַ טומעל, ווערט אַ יאָמער,
אָבער קיינער ליידט נישט
פון׳ם טומעל.
אדרבה, איך האָב אמונה,
אַז ווען מען וואָלט אויף קלאָר אויסגערעכענט
אין וואָס פאַר אייזענשטאַבע
איז זיין אַש אריין, —
צו עפּעס וואָלט עס שוין געפיהרט.

פ ר ע ד :
רעדסט צו הויך.
איך שפיר מיר נישט באַקוועם.

ט א מ פּ ס אָ ן :
שטענדיג רעד איך
זיי זאָלען הערען.

פ ר ע ד :
ווילסטו דוקא איך זאָל
דיר גלויבען. ס'איז נישט דיינער
דער ברוטאַלער דרך.
האָסט דאָך ווייב און קינד
וואָס דו צערטעלסט אויף אַן אמת.

ט א מ פּ ס אָ ן (לאַכט הויך).

פ ר ע ד :
צו ברוטאַל.

ט א מ פּ ס אָ ן :
ווייבער, קינדער, צערטליכקייטען.
מיינסט
זייער האַרץ איז פול
מיט לעבליכען רחמנות.
און מיינסט טאַקי, אַז די
צערטליכקייטען
פאַרשליסט די פרוי אין אָרעמס
פון אַ מאַן.
קענסט נישט יענעם כח וואָס טרייבט
פון בלאָטע גאָלד צו מאַכען.
ס'איז די אָרגע וואָס טראָגט
יענעם כח ווילדען און
אומבאַקאַנטען.
און דאָס איז דאָך דער דראַנג
וואָס טרייבט מיין בלוט
צו געוועלטיגען
און פאַרדאַרבען.

פ ר ע ד :
איך גלויב דיר נישט . . .
ווען לאָזט מען דעם מעטאַל אַרויס?

ט א מ פּ ס אָ ן :
מסתמא באַלד.
עס איז פיין דאָס בילד,
ווען שטראָם רייסט זיך פייערדיג

אַרוים פון טיגעל
פייפענדיג.
געהסטו מיר אָבער נאָך
ווי דער פינסטערער געוויסען
וואָס איז אויך — ווער ווייס פון וואַנען
צו אונז געשיקט געוואָרען.
און אפשר האָט איהם די גאַסען-זינד
דורך אַ טעות
אויסגעטראָגען
און געבוירען.

פ ר ע ד :

ווערטה צו זעהן אַלע קוואַלען
בלאָטיגע
פון וואַנען דו שעפּסט אַרוים דיין גאָלד
און כלומרשט'דיגען נצחון.
ווייסט דאָך. איך האַלט פון ביידען נישט,
מיר וואונדערט נאָר דיין דרייסטקייט
אַזוי צו ריידען.
הערען געוויס זיך צו צו יעדען
וואָרט.

ט א מ פּ ס אָ ן :

איך וועל זיי באַלד מאַכען ריידען.
העי, קומט אַהער, איינער, צוויי —
וויפיעל ס'האָבען צייט!
(עטליכע ארבייטער דערנעהענטערען זיך).

פ ר ע ד :

וואָס ווילסטו ביי זיי פרעגען?

ט א מ פּ ס אָ ן :

פרעג וואָס דו ווילסט.
אפילו פון מיין בלוטיגער
דאָרשטיגקייט.
אין יעדערען פון די לייט
זיצט אַ גרויער, צי אַ שוואַרצער
טייוועל.
פרעג וואָס דו ווילסט.
ווי רופט מען דיך, אָט דאָרט
פון דער רעכטער זייט?

ע ר ש ט ע ר :

פּאַוועל.

טאמפסאָן:
שטאַמט נאָך אָפּ געווים
פון יענעם הייליגען.

פרעד:
פון וואָס פאַר אַ לאַנד?

פּאַוועל:
אַ סלאַוו.

טאמפסאָן:
און דאָרט, דער צווייטער?

פּאַוועל:
— גאַבריעלא, פון סיציליען.

טאמפסאָן:
שאַדט נישט ווער פון וואַנען איז.
עס קען איין בייטש טרייבען
אַלערליי אָקסען:
שוואַרצע, ווייסע,
ברוינע, געלע.

פרעד:
איהר זייט אַלע מייז, אַט וואָס.
דיך, טאמפּסאָן, אויך
אַריינגערעכענט.
דיר נאָר האָט מען אָנגעטהאָן
אַ גלעקעלע פון גאָלד
אויפ׳ן האַלז,
ביסטו דער אויסגעטראַכטער
און גביר,
אָנצואוואַרפען פּחד
אין דער מייז־מלוכה.
(אַ געלעכטער ארום).

טאמפסאָן:
אָט לאַכען זיי. געפעלט זיי
דיין פאַרגלייך.
מיר געפעלט עס אויך. זאָג מיר,
פּאַוועל,
ווי לאַנג אַז דו אַרבייטסט
דאָ ביי מיר?

פּאַוועל:
זיבען יאָהר.

ט א מ פ ס אָ ן :

וואָס טהוסטו מיט'ן טאָג
אז דו קומסט אהיים?

פ א ו ו ע ל :

איך שלאָף און עס. אמאָל
עס איך פריהער און שלאָפען
שלאָף איך שפעטער.

ט א מ פ ס אָ ן :

האָסט א ווייב?

פ א ו ו ע ל :

יאָ.

ט א מ פ ס אָ ן :

קינדער?

פ א ו ו ע ל :

זיבען קינדער.

ט א מ פ ס אָ ן :

רופען זיי דיר טאטע?

פ א ו ו ע ל :

א זינד אזוי צו טראכטען
פון מיין ווייב.

ט א מ פ ס אָ ן :

און דו, גאבריעלא, ווארט אויך
דיין ווייב אויף דיר?

ג א ב ר י ע ל א :

איך וואָלט איהר קאָפ פון נאקען
אראָפגעדרעהט ווען נאָר
איך זאָל א פינטעלע א פרעמדם
דערקענען
אויף מיין קינד'ס א פנים.

ט א מ פ ס אָ ן :

כא־כא־כא! אזוי פיעל אכזריות!
צוליעב א פינטעלע א פרעמדס.

פ ר ע ד :

איך טראכט: אזעלכע ווייטע
שכנים,
און יעדערער מיט זיין אייגענעם
טייוועל —
און פון דעסטוועגען ארבייטען זיי
האנט אין האנט פאר דיר.

ט א מ פ ס אָ ן :

און יענער דאָרט, דער איינגעבויגענער,
ווי רופט מען איהם?

פ אָ ו ו ע ל :

גד, אָ איד.

ט א מ פ ס אָ ן :

דאָ אזוי זיך איינגעבויגען,
צי דעם האָרב אָ פארטיגען
אהער צו מיר געבראַכט?

ג ד :

איך זעה נישט און
איך שפיר נישט,
אז מיין פלייצע איז געבויגען.

ט א מ פ ס אָ ן :

לאנג שוין ארבייטסטו פאַר מיר?

ג ד :

פינף יאָהר.

ט א מ פ ס אָ ן :

וואָס טהוסטו דאָ?

ג ד :

דאָס וואָס אלע טהוען.
בראָטען זיך ביים פייער.

ט א מ פ ס אָ ן :

פינף יאָהר . . . און קיין פלענער אזוינע,
למשל ווי צו ווערען אויבערהאַר.
אָדער אפשר
פלענער אזוינע —
האָסטו נישט?
ביסט אָ איד. און גלאַט אזוי
גלויבט זיך נישט דו זאָלסט די לונגען
דיינע ברענען.
וואָס זאָגסטו, גאבריעלא?
איז ער אפשר גאָר פון דיינע איינער?

ג אָ ב ר י ע ל אָ :

ניין, סיציליען קען אזוינס
נישט האָבען.

ט א מ פ ס אָ ן :

האָט ער ניט אויסגעלייגט
פלענער דאָ פאַר אייך?

פּאַוועל:

ער טראַכט אַ סך און נישט
אַ וואָרט ביי איהם אַרויסצוציהען.
איך האָב צו האָבען
אַזוינעם זייט ביי זייט.

טאָמפּסאָן:

וואָס זאָגסטו, גד?
גד . . . מיר געפעלט דיין נאָמען.
אפשר ווילסטו ווערען
א שותף מיינער?
וואָלסט נאָר יעמאָלט דאַרפען
די פּלייצע דיינע
אויסצוגלייכען.
(א געלעכטער פון די ארומיגע).

גד:

עס זיינען נישט קיין שווערע לאַסטען
וואָס בויגען
איינעמ'ס פּלייצע אוים.
עס האָט נאָך אָבער קיינמאָל נישט,
קיינער נישט,
געטראָגען אַן אייגענעם האָרב
אויף זיין פּלייצע.

פרעד:

איך וואָלט נישט געהאַט קיין מוט
זיך לוסטיג מאַכען
אין דעם־אַ קרייז פּאַרטאָג.

טאָמפּסאָן:

צי דען איז נישט ווערטה געוועזן
אויסצוגעפינען
אַז אַ קינד פון יענעם פאָלק
שמעלצט ביי מיר די רודע
און באַוואַכט
מיינע פייערען. און איהר, חברה,
קלייבט זיך גאָר נישט
איהם אַמאָל אָפּצובאָדען אין אַ באָד
פון שטאָל?
(געלעכטער).

פרעד:

קום פון דאַנען.

אפשר עפּעס בעסערס
קענסטו מיר באַווייזען.
(ביידע געהען אַפּ אַן אַ זייט. דער עולם ארבייטער בלייבט נאָך אין אַ קרייז, אַ ווײַלע שווייגענדיג. ביז איינער לאַכט זיך פאַרנאַנדער אויפ'ן הויכען קול).

טאָם:
ס'איז ניט ער,
איך גיב מיין קאָפּ!

שטימען:
ער!
איך קען איהם גוט.
אונזער האַר, ווער דען אַנדערש
רעדט מיט חוצפּה אַט אַזאַ?

טאמפּסאָן:
וואָס זאָגסטו, גד? אפשר גאַר
איז ער אַ שותּף
צו יענער זונה
וואָס איז געקומען
איהרע שמאַטעס דאָ פאַרברענען. —
וואָס זאָגסטו, גד?

גאַבריעלאַ:
איך האָב דיך ליעב דערפאַר, גד.
אונזערער אַ מענש
וואָלט נישט געהאַט קיין חוצפּה
דעם האַר
אַזוינס צו ענטפערען
גלייך אין פּנים.

טאָם:
גד, דו ביסט אַ מענש.
האָסט איהם גוט גענטפערט.
ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט
וואָס דו ביסט דאָ מיט אונז.

גאַבריעלאַ:
זיי מיר מוחל, גד, פריהער
האָב איך אַזוינס געזאָגט —
עס כאַפּט זיך פון מויל אַרויס
און דו קענסט עס צוריק קיינמאָל
שוין נישט כאַפּען.

טאָם:
גד איז קליגער
פון אַלעמען דאָ.
מאַכסטו טאַקע פּלענער אַזוינע?
איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי עס
דיר צו זאָגען.
אויב נאָר פּלענער רעכטע
קענסט זיי אונז פאַרטרויען,
מיר וועלען אַלע
בשתיקה
העלפען דיר אַדורכצופיהרען.
איך קלער, עס ליעגט מזל
אין דעם
ווען מען זאָל אַזאַ איינעם אַמאָל
אַ פּיסעל אונטערשטעלען. כאַ־כאַ־כאַ —

גד:
אפשר. אַמאָל קען עס לוינען.

גאַבריעלאַ:
איך האָב דיך ליעב, גד
פאַר דיין קוראַזש.
אויב עס וועט אימיצער דיר
אַ פּיסעל
אונטערשטעלען,
באַזאָרג פאַר אונז אַ קיהלען ווינקעל
אין ליכטיגען
גן־עדן.
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ.

טאָם:
ווי די זאַך זאָל ניט זיין
איז מיר אַריינגעפאַלען
אַ געדאַנק אין קאָפּ.

גאַבריעלאַ:
ס'אַרט מיר ווינציג וואָס ער איז
אַהער געקומען.
כאָטש די רייד זיינע, אָט אַזוינע
האָבען אַ באַדייט.
ווען ער זאָגט מיר עפּעס
אויף מיין אייגענעם וועג,
יעמאָלט וואָלט איך שוין
פאַרשטאַנען
וואָס מען טהוט מיט אַזאַ האַרטען נוס,

ווען ער פאַרקייקעלט זיך
אין אַ שטילען ווינקעל.
וואָס מיר קריכט פון
קאָפּ נישט אַרויס
איז די זונה מיט איהר
לייב אַזוינס —
האָט איהר גוט בעטראַכט?
און דו, גד,
האָסט עס גוט בעטראַכט?
שווייגסט.

טאָם:
האָט זיך מיט'ן טייוועל
היינט ביינאַכט צונויפגערעדט
און ענטפערט נישט,
אַז מען רעדט צו איהם.
(סיגנאַלען פון אַ פייפעל. דער עולם אַרבייטער קאָנצענטרירט זיך
אַרום די אויוועגס).

טאַמפּסאָן און פרעד (קומען אָן):

טאַמפּסאָן:
איך גלויב עס וועט דיר, פרעד,
אַזוי נישט שמעקען,
דער רויך מיט דער היץ —
און נאָך גאַז דערצו.

פרעד:
וואו זאָל איך שטעהן?

טאַמפּסאָן:
נעהענטער אויב דו קענסט.

פרעד:
איך וואָלט דעם-אַ גיהנם
אין יעדען ביסען ברויט
און פוטער מיינעם
דערשפּירט.

טאַמפּסאָן:
געפיהלען אַזוינע און געדאַנקען —
ס'איז שטויב וואָס לייגט זיך
אויף אונזערע שעהנע מעבעל.
ווייסט דאָך, מיט אַ דינער טוך
ווישט מען שטענדיג לייכט
אַזאַ שטויב אַראָפּ.
(נאָך אַ סיגנאַל. איינער פון די טיגעלס מאַכט זיך אויף און מיט אַ
שיפּען רייסט זיך אַרויס דער צושמאָלצענער מעטאַל. אין אַ רינע,

בארג אראָפּ, שטראָמט אַ פייערדיגער שטראָם, ווי ער וואָלט זיך פון אַ קוואַל ארויסגעריסען אין דער פריי. די היץ איז גרויס. רויך און גאַזען קנוילען זיך אין דער לופטען).

פרעד:

דאַכט מיר די האַלב-נאַקעטע
לייט דאָרטען,
מיט פלאַמען באַלויכטענע ווערען דורכברענען
און צושאָטען ווערען,
ווי עס ווערט צושאָטען אַ בוים
אַ דורכגעברענטער
אין צייט פון וואַלד-שרפה.

קולות:

„א-הא-הא!
רא-טע-וועט! רא-טע-וועט!
פאַרפאַלען. אַריינגעפאַלען!
אַריינגעפאַלען. אַריינגעפאַלען!
גד, גד, גד! ער איז פאַרברענט געוואָרען.
אַריינגעפאַלען!
אַריינגעשטויסען!
גד, גד, גד!

טאמפּסאָן:

וואָס שרייען זיי?

פרעד:

אַ מענשען
אַריינגעשטויסען.

טאמפּסאָן:

האָבען איהם, דעם אידען
אין דער צושמאָלצענער רודע
אַריינגעוואָרפען? העי!
וואָס פילדערט איהר,
חזרים בלאָטיגע?

פרעד:

קום אהין.

קולות:

שליידערט אין פייער דעם
וואָס האָט אזוינס געטאָהן.
גד, נישט קיין אַנדערער.
זאָל ער געהן מיט פייער.
געווען אַ איד.

אַ איד, אַ בלאָטיגער.
שוין קיין אַש פון איהם נישטאַ.
שוין קיין שטויב פון איהם
נישט געבליבען.
בעשטראָפען יעדען איינעם
וואָס האָט אין דעם אַ חלק!
פאַר פייער מיט פייער —
באַשטראָפען.
די אייגענע שטראָף.
אַ איד געוועזן. אַ איד
אַ פאַרשאָלטענער.
האָט קיין עסק נישט געהאַט
דאָ צו זיין
מיט אונזערע.

פ ר ע ד :

איך קען נישט גלויבען.
איך וויל נישט גלויבען,
מענשען זאָלען אַזוינס באַווייזען.
איך האָב אויך געוואוסט וואוהין
די ברוטאַלע בעסטיע ציעלט.
איך האָב אויך געוואוסט
ווי אַזוי צו פאַרשען
דעם סליאַד
פון דעם־אַ רוח.

ק ו ל ו ת :

שטעהט נישט, זוכט איהם וואו איהר קענט.
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ —
וואו איז פון איהם אַ ביינדעל
איבערגעבליבען!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ —

(מען זעהט פון דעסטוועגען ווי אַ גרויסער טייל פון עולם, כאַטש פאַר־
ווירט, זוכט און נישטערט אַרום פייער).

ט א מ פ ס אָ ן :

זיי ווייסען וואָס זיי טהוען,
ווען עס קלייבט זיך אָן
אַביסעל בלוט פאַרדאַרבענעם
אין די אַדערען, מוז מען דאָך
עס אויסלאָזען צו אימיצען.
דאָס געפעלט מיר.
און אַז מען האָט עס אויסגעלאָזען
צום אידען איינגעבויגענעם —

איז דאָס דער גלייכער
וועג געוועז.

פ ר ע ד :

וועסט מסתמא איבערגעבען
צום געריכט,
אָדער פריהער לאָזען אויספאָרשען.

ט א מ פ ס אָ ן :

ביסט נאַאיוו ווי אַ קינד, פרעד.
מיר פאַרדריסט
וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט
יעמאָלט ווען איך האָב דיך
אַהער געבראַכט.
גלויב מיר, עס האָט קיין איין נערוו
ביי מיר נישט אָנגעריהרט.
וואָס זוכען זיי דאָרט די בעסטיעס?
נישט אין וואַסער
איז אַ מענש
אַריינגעפאַלען.
העי, וואָס זוכט איהר דאָרטען,
טייוואָלים אומגעלומפּערטע? !

ש ט י מ ע ן :

ער אַליין איז דאַ פאַראַן,
דערצעהלט פאַר איהם.
געה, טאָם, און דערצעהל.
זאָל עס נישט פאַרלייקענט ווערען.

ט א מ פ ס אָ ן :

אָט בין איך דאַ. נו, וואָס
וועט איהר מיר דערצעהלען?
(מען רינגעלט איהם ארום).

ש ט י מ ע ן :

אַ מענש אַריינגעפאַלען!
אין פייער אַריינגעפאַלען!
אין פייער, אין פייער!
אַ מענש! אַ מענש!
אַ מענש! אַ מענש!
דער איד, קיין זכר פון איהם
נישט איבערגעבליבען.
געזוכט. פאַרפאַלען.
פאַרברענט אויף קויל.
אין רודע איז ער אריין . . .

אריינגעפאלען.
אש און שטויב פון איהם געבליבען.
וואו דער אש?
וואו דער שטויב? גארנישט
איז פון איהם געבליבען.

ט א מ פ ס א ן:

האט איהר נישט געוואלט אייער האר
אזא שטיקעל ארבייט ווייזען?
הא?
אמת?
איך האב עס נישט געבעטען.
זייט איהר זיכער, אז אזוינס
איז געשעהן?
אפשר גאר א חלום אימיצענס א וויסטער.
רופט. זוכט. צעהלט.

ק ו ל ו ת:

גד! גד! גד! גד!
גד! גד! גד! גד!
וואס וועט זיין?
וואס זאל מען טהאן?
באשטראפען!
באשטראפען!
ארויסגעבען דעם ברוט, און פאר פייער —
באצאהלען מיט פייער.
הא־הא, מיט פייער באצאהלען פאר פייער!

ט א מ פ ס א ן:

(ברעכט אויס מיט א געלעכטער):

כא־כא־כא, טרוסען, טרוסען
פארשאלטענע!
אט ווער עס איז ביי מיר
צום דיענסט.
וואס זאגסטו, פרעד?
קוק זיי אן,
בעטראכט זיי גוט — דו דערקענסט זיי?
הא, האסט זיי ליעב?
כא־כא־כא־כא —
קלער א שטראף און געה באשטראף,
געה באשטראף
און זיי זיי מוחל,
כא־כא־כא־כא —

(ארום דעם ארט וואו מען האט די רודע ארויסגעלאזען הויבט זיך אן
צו רודערען און קולות ווילדע, צושראקענע באנייען זיך):

ק ו ל ו ת :

האַ־האַ, קוקט, קוקט!
די רודע ריהרט זיך, די רודע!
די צושמאָלצענע רודע!
ער לעבט אין דער רודע.
דאָס פייער ריהרט זיך —
ער לעבט!
שווייגט, רוחות! עס איז פון איהם
קיין געביין נישט געבליבען.
עס ריהרט זיך! !
איך זעה!
איך הער איהם!
איך אויך!
איך אויך!

ט א מ פ ס אָ ן :

זיינען פון זינען אראָפּ
היינטיגע נאַכט.

פ ר ע ד :

אַ שרעקלאַכע נאַכט. אונהיימלאַך
היינטיגע נאַכט.

ק ו ל ו ת :

ער קריכט פון פייער אַרויס.
עס קומען זיינע הענט אַרויס.
זיינע פינגער! זיינע פינגער!
דער מינדסטער פינגער!
אַלע פינף פינגער!
די אַנדערע האַנט!
די אַנדערע האַנט!
די לינקע האַנט!
די רעכטע האַנט!
אַלע פינגער!
זיינע פינגער!
זיינע פינגער!
זיינע הענט!

ט א מ פ ס אָ ן :

שטופּט איהם צוריק
אין פייער אַריין!

ק ו ל ו ת :

שטופּט איהם צוריק
אין פייער אַריין!

(די קולות נאָך ווילדער ביז משוגעת).
דער קאָפּ קומט!
דער קאָפּ! דער קאָפּ!
דער קאָפּ! דער קאָפּ!
די האָר נישט פאַרברענט.
זיין קאָפּ! זיין קאָפּ!
כשוף! כשוף!
ביז איבער'ן שטערן אַרויס!
שטויסט איהם צוריק
אין פייער אַריין!
לאָזט אויף איהם אַרויס
צושמאָלצענע רו־דע!
נאָך אַ שטראָם צושמאָלצענע
רו־דע!
עפּענט אויף אַ טי־געל!

ט א מ פּ ס אָ ן:
עפּענט אויף אַלע טיגלען,
אין פייער
דערטרינקט איהם.

א י י נ ע ר (מיט אַ ווילד געשריי):
דאָס האָב איך געטאָהן.
בעשטראָפט מיך!
בעשטראָפט מיך!

ק ו ל ו ת:
וואַרפט איהם אויך אין פייער אַריין!
וואַרפט איהם אויך אין פייער אַריין!
גד! גד! גד!
דאָס איז ער,
איך דערקען זיין קאָפּ.
איך דערקען זיין קאָפּ.
ער קריכט, ער קריכט, ער קריכט!
אָט איז ער שוין ביז'ן בויך אַרויס.
וואַרפט שטיינער אויף איהם.
שטיינער! שטיינער! שטיינער!
ער וועט אַרויס און חרוב
וועט ווערען אַלץ אַרום.
וואַרפט שטיינער, שטיינער.
איידער ער קריכט אַרויס.
ביז די קני, ביז די קני!
ביז די קני אַרויס!
די קליידער גאַנץ אויף איהם.

זיינע קליידער.
אַנדערע קליידער.
זיין פּלייצע גלייך.
זיין פּנים יונג.
ער איז אַ הייליגער!
אַ הייליגער, אַ הייליגער!
וועט אומגליק ברייגגען.
אומגליק ברייגגען, אומגליק ברייגגען!
לאָמיר אַנטלויפען פון דאַנען.
אַנטלויפען פון דאַנען. אַנטלויפען פון דאַנען!
(אַנדערע אַנטלויפען אין ווילדער שרעק).
אָט איז ער שוין באפרייט.
באפרייט! באפרייט! ער הויבט שוין
אויף די רעכטע פוס.
געוואַלט — גע־וואַלט!
שרייט אַז די גאַנצע וועלט
זאָל אהער זיך צונויפלויפען.
שרייט, שרייט!
עפענט אויף אויף איהם
אַ וואַסער שטראָם.
וואַסער גיסט אויף איהם.
וואַ־סער! וואַ־סער!
ער וואַקסט העכער!
העכער ווי געווען.
וועט אין אונז זיך נוקם זיין,
נוקם זיין.
אַנטלויפט, אַנטלויפט!
(נאָך עטליכע אַנטלויפען).

ט א מ פ ס אָ ן:
לויפט נישט, האָזען, אומגעלומפּערטע!

ק ו ל ו ת:
ער וועט זיך נוקם זיין,
אַלע, אַלע, זאָל מען לויפען
וואוהין מען קען.
איך האָב איהם ניט געשטויסען
אין פייער אַריין.
איך אויך ניט.
איך אויך ניט.
גד! גד! איך האָב
דיך ניט געשטויסען.
איך האָב דיך קיינמאָל ניט
געוואונשען קיין בייז.

איך אויך ניט.
איך אויך ניט.
איך בין שטענדיג געווען דיר
אַ גוטער פריינד.

ט א ם :

זיי, טייוואַלים האָבען דיך
פיינט געהאַט
ווייל דו ביסט געווען
אַ שווייגער.
רעד איצטער אוים אַ וואָרט.
רעד איצטער אוים.
דאָס איז דאָך טאם —
טאם, דיין גוטער פריינד.
דיין אַלטער גוטער פריינד.

ק ו ל ו ת :

ער דרימעלט.
ער דרימעלט.
וועקט איהם ניט.
אפשר וועט ער בלייבען
שוין אַזוי.
אַ פאַרשטיינערטער, אַ שטאָלענער.
אַ שטאָלענער.
ער וועט זיך ניט אויפכאַפען.
ער דרעמעלט, ער דרעמעלט.

פ ר ע ד :

דיר פערגעניגען צו פערשאַפען,
ס'האַרץ פון פייער אָנגעריהרט.
ערגער ווי מיט פייער
זיך צו שפיעלען.

ט א מ פ ס אָ ן :

גד! גד! גד!

פ ר ע ד :

ער שלאָפט, אָדער דרעמעלט
ווי אַ ניי-געבוירענער,
וועט זיכער אויפוואַכען.

ט א מ פ ס אָ ן :

אפשר גאָר אַ מיראַזש
די גאַנצע זאַך.
אַ מיראַזש.

איך זעה דאָך אָבער —
אַט בעוועגט ער מיט דער האַנט.

פ ר ע ד:
איך זעה איהם קלאָר. אַט באוועגט ער
מיט דער רעכטער האַנט.
איבער די אויגען פיהרט ער
מיט דער רעכטער האַנט.

ט א מ פּ ס אָ ן:
טייוואָלים, אַלץ געלאָזען אויף הפקר.
אויוועגס געהען אוים און קיין רודע
ניט אַריינגעשאָטען.

פ ר ע ד:
רעד ניט, טאמפּסאָן, ניט דאָס איז איצטער
דער רעכטער עיקר.
עפּעס איז געשעהן. גלייך ווי נאָך אַ ערד
ציטערניש —
ווען אינזלען יונגע
באווייזען זיך אין מיטען ים.
אי אַ פרייד,
אי אַ שרעק —
ביידע לויפען מיר דורך מיין לייב.

ט א מ פּ ס אָ ן:
וואָס מיינסטו, פרעד?

פ ר ע ד:
אונהיימליך ווערט מיר.
ס'איינציגע וואָס עס נעהמט זיך
שוין אויף טאָג. אפשר ווערט
די זון עס אין איינעם מיט'ן טוי
אויסזויגען.
אפשר איז דאָס אַ מיראַזש
פון באַגינען.
אפשר . . .
ווילסט צוגעהן אַביסעל נעהענטער?

ט א מ פּ ס אָ ן:
זיינען אַוועק.
אַלע, אַלע ווי אַראָפּ פון זינען.
זיינען אַוועק
און וועלען אודאי די וועלט
אויפרודערען.
די גאַנצע שמוץ וועט אַהער

אַ שטראָם טהאָן.
האַ, פרעד?
ביסט בלאַס,
ביסט צושראָקען. און איך —
האַ?

פ ר ע ד :
דיר קלאַפּט דאָך אַ צאָן אָן אַ צאָן.
אפשר רופען ביי זיין נאָמען.

ט א מ פּ ס אָ ן :
גד! גד! גד!
העי, רוף זיך אָפּ!
איך רוף דאָך, טאמפּסאָן.
הערסט מיך ניט?
הערסט מיך ניט?
איך בין אייגענטהימער
פון די אַלע טיגלען . . .
דאַכט מיר דער אַלטער שומר,
דאַכט מיר ער געהט אַהער.
אַלבערט! יאַ, דאָס איז ער.
אַל-בערט!
שנעלער קום אַהער,
שנעלער, אַלטער עבר בטל!

פ ר ע ד :
אפשר ער, מיט זיין קאַלטען
אַלטען מוח, פרעג איהם
צי זעהט ער עפּעס דאָרטען.

אַ ל ב ע ר ט (קומט אָן):
ווער איז דאָס? דאַכט זיך
דער גנעדיגער האַר.

ט א מ פּ ס אָ ן :
וואו ביסטו געוועזן?

אַ ל ב ע ר ט :
בין געשלאָפען היינטיגע נאַכט,
די איינציגע נאַכט אין וואָך.

ט א מ פּ ס אָ ן :
האָסט נאָך ניט געהערט
וואָס דאַ איז געשעהן?

אַ ל ב ע ר ט :
בין געשלאָפען. ביז טאָג שלאָף איך
איינמאָל אין דער וואָך.

ט א מ פ ס אָ ן:

הערסט ניט ווי שטיל —
אזוי שטיל איז דאָ געוואָרען?
בעמערקסט ניט, אַז קיינער
איז דאָ ניט פאַראַן?

אַ ל ב ע ר ט:

יאָ, גנעדיגער האַר.
טאַקי שטיל. איך הער.
זעהר שטיל.

ט א מ פ ס אָ ן:

האַ-האַ — ער איז שוין מעהר ניטאָ!
זעה, פרעד, אַראָפּ
ער איז אַראָפּ.

פ ר ע ד:

ניטאָ איהם מעהר!

ט א מ פ ס אָ ן:

געה, אַלבערט, זעה, קוק אַרום
און זעה צי געהט ניט אימיצער
אַ פרעמדער
דאָרטען צווישען די טיגלען.

אַ ל ב ע ר ט:

איך געה שוין, איך געה. (געהט אוועק).

פ ר ע ד:

אַ קאָשמאַר איז דאָס לעבען דיינס
מיט דיין עשירות
און אַלע אונטערנעהמונגען.
דיין קאָשמאַר
לעב איך איצטער איבער.

ט א מ פ ס אָ ן:

אַל-בערט! אַל-בערט!
ער געהט דער אַלטער.

אַ ל ב ע ר ט (קומט צוריק).

ט א מ פ ס אָ ן:

וועמען האָסטו דאָרט געזעהן?

אַ ל ב ע ר ט:

אַ מאַן געהט אַרום
צווישען די מאַשינען.
באַטראַכט ערנסט אַלץ אַרום,

געפרעגט איהם וואָס ער וויל,
וואָס ער באַדאַרף —
האָט מיך אָנגעקוקט, אָנגעקוקט,
געשוויגען.

ט א מ פ ס אָ ן :
יונג אָדער אַלט?

אַ ל ב ע ר ט :
נישט יונג, נישט אַלט.
עפּעס צווישען יונג און אַלט.

פ ר ע ד :
טהוען אַלע ביי דיר
די אַרבייט די פאַרשאַלטענע
מיט אויגען פאַרמאַכטע
און פאַרשלאָפענע?
אָפּגעצעהרטע און אויסגעמאַטערטע.
רויך, גיפט,
גאַזען —
ניט נאָר געשפּענסטער מיאוסע
שטעהען אויף
אין אַזאַ אַטמאָספערע,
דאַכט מיר איך אַליין
בין איינער פון דיין עולם
דעם חושך'דיגען.

ט א מ פ ס אָ ן :
איך האָס הלומות מיט'ן גאַנצען וועזען.
איך האָב די ווירקליכקייט געבונדען,
און איינגעשפּאַנט אין מיין אַקער,
און זי שלעפּט פאַר מיר דעם אַקער
און זייהט און שניידט
אַלע מיינע תבואות.
אמת טאַקי, מעהרער כחות
אויסבעהאַלטענע
האָט אַ קינד פון יענעם פאָלק —
איך וויל זיין נאָמען איצטער
ניט דערמאָנען.
אָבער אומגעלומפּערט דאָס צו גלויבען.
אַש בלייבט אַש.
און אַש מיט פונקען
האָט אויך קיין וועג ניט.
וואָס פאַרברענט — איז פאַרברענט.
עס קען דער טייוועל אויך אַ גאַנצער

פון אזא־אַ פייער
ניט ארויס.
אמת, ס׳איז אַזוינס געווען אין מיין ווענען.
איך האָב פאַרלאַנגט אַהן ווערטער
אַז אַזוינס זאָל געשעהן.
ווי עס זאָל ניט זיין —
איך האָב ניט געהייסען,
איך האָב ניט פערלאַנגט:
איך וואָלט פון קנעכט ניט געפאָדערט
אַזאַ מין קרבן.

פרעד:
זעה, טאמפסאָן! אַט איז ער דאָרט.

טאמפסאָן:
ער קומט אַנטקעגען.
איך זעה איהם אויך . . . אָבער וואָס זאָגסטו?
איך בין האַר!
האַר איז האַר!
און אפשר זאָלען מיר זיך לאָזען
פון דאַנען?
ניין, איך בין שטאָלץ,
אַנטקעגען געה איך איהם.
האַר איז האַר! איך גיב מיין הערשאַפט
ניט אויף ווען אפילו
מען זאָל די ערד אַרויסציהען
פון אונטער מיינע פיס.

פרעד:
זעהסט ווי זיכער ער שטעלט זיין טראָט.
און כאָטש ווי פאַרשלאָפען . . .
גלייך ווי צו איהם
וואָלט דאָס געהערען
און זיין פאַרמעגען וואָלט ער בעטראַכט.
(פון צווישען די אויוועגס קומט גד ארויס.ביידע ווארטען ביז ער דערנעהענטערט זיך).

גד: (טריט ביי טריט קומט נעהענטער).

טאמפסאָן:
גוט מאָרגען!

פרעד:
גוט מאָרגען!

גד:
גוט מאָרגען.

טאמפסאָן:
אַ שעהנער פריהמאָרגען!

פרעד:
אַ שעהנער פריהמאָרגען!

גד:
אַ שעהנער פריהמאָרגען.

טאמפסאָן:
מיט וועמען האָב איך דעם כבוד
צו רעדען?
מיין נאָמען איז טאמפסאָן.
צו מיר געהערען
די אַלע פאַבריקען דאָ.
און דאָס איז פרעד, מיין פריינד.
אויב איך מאַך ניט קיין טעות
איז דיין נאָמען גד.

גד:
גד.

טאמפסאָן:
אַזוי איז דאָ בעקאנט געווען
דיין נאָמען
אין די לעצטע פינף יאָהר.

גד:
אין די לעצטע פינף יאָהר.

טאמפסאָן:
פינף יאָהר?!

פרעד:
מיר כאַפּט אַרום אַ פּחד.

אַלבערט:
יאָ, איך דערקען איהם,
גד.
אַזוי האָט מען איהם גערופען.
נאָר אַביסעל האָט ער זיך,
אויסגעגלייכט.
אַרומגעוואַשען און געזעהן זיך
מיט ווייב און קינד —
ווערט מען שעהנער,
ווערט מען אינגער.

טאמפסאָן:
דיך האָט מען אַריינגעשטויסען

אין צוגליהטער רודע.
יאָ, אין פייער אריין.

ג ד :
אין פייער אריין.

ט א מ פּ ס אָ ן :
מיט אַ ווײלע פריהער?

ג ד :
מיט אַ ווײלע פריהער.

ט א מ פּ ס אָ ן :
ביסט געוועזן דאָך אויסגעמאַטערט,
איינגעבויגען.
און איצטער, הא, פייער
באווייזט וואונדער,
גרויסע וואונדער.

ג ד :
פייער באווייזט גרויסע וואונדער.

פ ר ע ד :
ניט נאָר פאַרזשאַווערט אייזען
רייניגט עס.
כאַ-כאַ-כאַ!

ט א מ פּ ס אָ ן :
אין פייער שפּרינגט מען ניט
אַליין מיט גוטען ווילען —
יעמאָלט ווערט מען געוויס
פאַרברענט.
אַז מען ווערט אַריינגעשטויסען —
יעמאָלט —
כאַ-כאַ-כאַ!

ג ד :
אַז מען ווערט אַריינגעשטויסען
יעמאָלט —
כאַ-כאַ-כאַ!

ט א מ פּ ס אָ ן :
ביסט אַ איד?

ג ד :
אַ איד.

ט א מ פּ ס אָ ן :
אַ איד?

ג ד:

אַ איד.

טאמפּסאָן:

דו פערשטעהסט כשוף?

ג ד:

כשוף.

טאמפּסאָן:

איצטער באַגרייף איך דיין כח,
אָבער איך וויל מיר צוריק
אומקעהרען צום עיקר.
זיי האָבען דיך אריינגעשטויסען
אין פייער אריין, יאָ?
זיי האָבען זיך געוואָלט אויספּלייסען,
גערמיינט
אַזאַ וויץ וועט מיר געפעלען.
און האָבען זיך אַליין דערשראָקען,
ווי מייז זענען זיי אַנטלאָפען.
ווי מייז!

ג ד:

ווי מייז.

פּ ר ע ד:

וואו האָסטו דעם כשוף
אויסגעלערענט?
און אפשר איז דאָס ניט
קיין גרעסערער כח,
ווי אַ פאַרמעגען אַזוינעם זיך
צו פאַרשאַפען;
און צו באַפעלען אַזויפיעל קנעכט
דאָס לייב צו ברענען פון זיינעטוועגען
און בראָטען די לונגען
פון זיינעטוועגען.

ג ד:

און בראָטען די לונגען
פון זיינעטוועגען.

טאמפּסאָן:

ער געפעלט מיר.
איך וועל דריקען דיין האַנט
ווען אפילו ביסט מיין קנעכט געווען,
און ווען אפילו ביסט אַ איד.
כאַ-כאַ-כאַ-כאַ!

ג ד :

א איד —

כאַ־כאַ־כאַ!

טאמפּסאָן:

עפּעס האָב איך מורא. דאַכט זיך

אַן איבער־כח . . . איך באַמערק עס איצטער

אין די אויגען דיינע.

וואָס זאָגסטו, אַלבערט?

ער איז געווען דאָ אַ הייצער

פינף יאָהר.

האָסט דאָך איהם געקענט.

די רוחות פאַרשאָלטענע

האָבען איהם אַריינגעשטויסען

אין פייער אַריין, און זעה

ער איז דאָך ניט פאַרברענט געוואָרען.

האָבען זיך אַליין דערשראָקען,

און ווי געהעריג קען איך ניט

אויספרעגען זיי —

ביסט דאָך שוין גענוג אַלט,

זאָג:

האָסט אַזוינס אַמאָל געהערט?

ביסט דאָך לאַנג אַרום פייער,

לאַנג געווען?

אַלבערט: (באַטראַכט גד'ן פאָרזיכטיג):

אויב דאָס איז אמת — כשוף.

דער האַר וועט מיר מוחל זיין,

אויב צו דער עלטער וויל איך נישט

איינשטעלען

מיין לעבען מעהר.

(רוקט זיך פּאַמעלאַך אָפּ, אַנטלויפט מיט אַלטע טריט. דרויסען ווערט ליכטיגער.)

טאמפּסאָן:

זעהסט, דער אַלטער נאַר

איז אַנטלאָפען.

אָבער איך וויל עס דיר זאָגען — ווייס

איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט.

איך האָב מיר לאַנג שוין אָנגענומען

מיט'ן טייוועל אויך זיך צו באַגעגענען.

איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט!

פרעד:

איך זעה אין זיינע אויגען,

אז גאָר אַ סך וואָלט ער
דיר געקענט אנטקעגען קומען.
ער איז צו דיר גענייגט
מיט זיין גאַנצען כח,
אָדער כשוף. רעד צו איהם
מילדער, ווייכער.

ט א מ פּ ס אָ ן:
נו, גוט. אָבער עס מיינט ניט
אַז איך גיב מיר אונטער.
איך וויל טאָן
אַ סך פאַר דיר. גאָר אַ סך.

ג ד:
איך וויל טהאָן אַ סך פאַר דיר.
גאָר אַ סך.

ט א מ פּ ס אָ ן:
נו, וואָס קענסטו
טאָן פאַר מיר? איך קען טאָן
אַלץ פאַר דיר.

א י י נ ע ר (באַווייזט זיך פון אהינטער אַ בנין, קוקט פערוואונדערט, צושראָקען און אַנטלויפט אין איין געלויף.)

ט א מ פּ ס אָ ן:
העי, ווער איז דאָרט? קום אהער,
מויז צושראָקענע!

אַ צ ו ו י י ט ע ר: (לויפט דורך אין איינע שרעק, קוקט זיך אפילו ניט אום הינטער זיך).

פ ר ע ד:
ערגעץ זיך בעהאַלטען אין די לעכער.

ט א מ פּ ס אָ ן:
כאַ־כאַ־כאַ, האָסט אַ שפּיצעל
אָפּגעטאָן מיר, גד.
אפשר מיינסטו מיך צו רואינירען,
האַ?
ניט איך האָב מורא.
בין פאַרזיכערט
אין אַלערליי געזעלשאַפטען.
און ווען אפילו כשוף, האָב איך אַלץ נאָך
פאַר דיר קיין מורא ניט.
איך וועל וואַרטען
און דו —

באַוויַיז דיין כשוף. דהינו:
באַפּויל, און אַלע טיגלען
זאָלען אַליין פון זיך
זיך אונטערהייצען.
אַלע רעדער זאָלען אַליין זיך
באַוועגען.
איך נעהם דיך יעמאָלט צו
פאַר מיין שותף.
דוקא ווייל דו ביסט
דער פאַרשאָלטענער איד.
כאַ־כאַ־כאַ.

ג ד :

דער פאַרשאָלטענער איד.
כאַ־כאַ־כאַ.

ט א מ פ ס אָ ן :

לאַכסט און מאַכסט חוזק,
אַרט מיך אויך ניט.
איך האָב געזאָגט און בין גרייט
אפילו אויך פאַר אויבערהאַר
דיך אָנצושטעלען.
אויב דער כח איז נאָך איצטער
אויך ביי דיך —
זאָל עס זיין כשוף —
כ'קען פון טייוועל אויך
זיין האַנט דריקען.
גיב מיר נאָך אַמאָל דיין האַנט
און לאָמיר
ביידע שותפים ווערען,
אויב דו ווילסט עס נאָר.

ג ד :

אויב דו ווילסט עס נאָר.

ט א מ פ ס אָ ן :

זעהסט, ער איז מסכים!
האָט אפילו ניט קיין רגע
איבערגעקלערט.
כאַ־כאַ־כאַ.
כאַ־כאַ־כאַ!
ביסט מסכים —
איך אַליין באַדאַרף נאָך איצטער
גוט נאָכקלערען.
אָדער אפשר זאָל איך

אויף דיין נאָמען
איין העלפט איבערשרייבען?
איין העלפט פון אַלע מיינע
געשעפטען. אַלע געשעפטען.

ג ד :
אַלע געשעפטען.

ט א מ פּ ס אָ ן :
הערסט, פרעד? אַלע געשעפטען
וויל ער. אַלע.
צופיעל, צופיעל ווילסטו.
אַ שווינדעל! ניט באַקלערט
און אַלץ גענומען,
אַ שווינדעל! איך גיב איהם איבער
אין הענט פון מאַכט!
אין הענט פון מאַכט!

פ ר ע ד :
האַלט זיך רוהיג, טאמפּסאָן.
באַגרייף וואָס דו טהוסט.
הער ווי ער ענטפערט.
הער וואָס ער ענטפערט.

ט א מ פּ ס אָ ן :
אַ ליגען! אַן אַנשטעל אַלין געווען.
פאַראַטה! פאַראַטה!

פ ר ע ד :
באַרוהיג זיך און פאָרש עס אויס.
ער איז אַ איד,
דאָס איז זיכער.
דאָס דערקענט מען שוין אָן איהם.
און אַז מען האָט אַ מענשען
אין פייער אַריינגעשטויסען —
דאָס איז קלאָהר. זיי האָבען אַלע
דאָך געוואָרט די גאַנצע צייט
ביז ער איז אַרויס פון פייער.

ט א מ פּ ס אָ ן : (פאַרווירט):
אמת! אמת! אמת! אָבער
דערווייל בין איך נאָך דאָ דער האַר.
און איך אַליין וועל פאָרשען, פאָרשען . . .
די קליידער זיינע —
ער איז אַ איד.
ער איז אַ איד! געווען אין פייער

און ניט פֿאַרברענט. און די האָר
ביי איהם גאָר פייכט אויפ'ן קאָפּ.
זאָג מיר פרעד, צי שפּיעלט אַ רוח
זיך מיט מיר?
ער שווייגט. מיינסט ער וויל ניט
ווערען דאָ מיין שותף?
(צו גד'ן):
ווילסט מיין פֿאַרמעגען? האָסט דאָך פריהער
אויוועגס דאָ געהייצט.
אָדער עפּיס אַנדערש —
ס'איז קיין חילוק ניט.
צו אַ גרויסען חלק ווילסטו?
ניט גאָר גרינג איז מיין פֿאַרמעגען
אָנגעקומען מיר.
ביסט דאָך אַ איד — אַ איד.
הא, אַ איד און זאָגסט זיך אָפּ
פון אימיצענס פֿאַרמעגען?!
כאַ־כאַ־כאַ.

ג ד :

כאַ־כאַ־כאַ!

ט א מ פּ ס אָ ן :

צום טייוועל, ווי ער לאַכט!
איך האָב ניט געגלויבט,
אַז אַ איד
זאָל אין זיין איינגעפֿאַלענער
ברוסט פֿאַרמאָגען
אַזאַ געלעכטער.
אפשר אויך אַ כשוף, אָבער איך
נעהם ניט צוריק מיין וואָרט.
מיר איז אַלץ איינס, צי דו ביסט געווען
אין פייער. דו געפעלסט מיר.
גאָר אפשר ניט קיין גלייכע העלפט.
אפשר
דערווייל נאָר אַ דריטעל.
און שפּעטער, איך וועל זעהן
דיין פֿאַרדיענסט. ווען זיך שפּעטער
ביז אַ העלפט דערקלייבען.
אָבער ווי אַזוי וועל איך קענען
צונויפנעמען אַלעמען איצטער.
אַט די קנעכט די פֿאַרשאַלטענע.
אדרבה, לערן מיך ווי אַזוי
זאָל איך איצטער אויפסניי

אָנהויבען?
אַלע אויוועגס פלוצלונג אויסגעלאָשען.
אויסגעלאָשען גלייך ווי קיינמאָל וואָלט קיין פייער
דאָ ביי מיר ניט געפלאַקערט.
אדרבה, לערן מיך ווי אַזוי
אַלץ אויפסניי אָנצוהויבען.

ג ד :
אויפס־ניי אָנצוהויבען.

ט א מ פ ס אָ ן :
און דו? איך דערקען אין דיינע אויגען
דעם בייזען טייוועל ווי ער לאַכט.
וועסט מיט פייער אַלץ, אַלץ אוועקלאָזען!
וואָס זאָגסטו, פרעד?

פ ר ע ד :
שטאַרק זיך, טאמפסאָן. גרויסער טאָג.
דער טאָג, ער ווייסט ניט פון קיין כשוף.

ט א מ פ ס אָ ן : (פאַרשענדיג):
ביסט אַרוים פון פייער ניט געשעדיגט.
אדרבה, נאָך באַנייט.
נאָך ווי באַנייט!
צי זאָל איך באַפוילען שמעלצען רודע,
אונטערהייצען אַלע טיגלען
און אַליין,
אַליין אין דער צושמאָלצענער רודע אריין?
האַ? זאָל איך?
אויספרואוּוען? האַ? אויספרואוּוען?

ג ד :
אויספרואוּוען.

ט א מ פ ס אָ ן :
האַ, אויספרואוּוען?

ג ד :
אויספרואוּוען.

ט א מ פ ס אָ ן :
ווען, נאָך היינט ביינאַכט?

ג ד :
היינט ביינאַכט.

פ ר ע ד :
עס כאַפּט אַ שוידער מיך אַרום.
טאמפסאָן, קום פון דאַנען. צווישען די בנינים

האַלטען מענשען זיך באַהאַלטען.
(ער ציהט פאַר'ן האַנט טאמפּסאָנ'ען. אין הוילע שרעק דערווייטערען זיי זיך ביידע, נעמען ניט אראָפּ קיין אויג פון גד'ן.)

ט א ם: (קומט פון ערגעץ ארויס אַ צושראָקענער. אין דרייען געבויגען. דערנעהענטערט זיך צו גד'ן):

וויסט גד, איך האָב זיך אָנגענומען
מיט מיין גאַנצען כח
און בין צוגעגאַנגען. ווייל איך האָב געהערט
דעם גאַנצען שמועס אייערען.
וואָס קענסטו מיר זאָגען?
איצטער זאָג מיר, גד,
איך בין מיך מודה איצטער,
אַז תחילת איז מיר דורכגעגאַנגען
אַ צופרידענקייט דורך מיין בלוט.
ווען מען האָט אין פייער
דיך אריינגעשטויסען. נאָר שפּעטער האָב איך
גרויס פאַרדרוס געהאַט, מעגסט מיר גלויבען, גד,
איך פאַרשטעה אַ שפּאַס —
אָבער איך פאַרשטעה דעם ערנסט
וואָס קען פון אַזאַ שפּאַס
ארויסקומען.
וויסט דאָך, איך האָב שטענדיג
דיך געאַכטעט. כאָטש אַמאָל
האָב איך מיטגעלאַכט מיט זיי
ווען אַנדערע האָבען פון דיר גע'חוזק'ט.
דאָס רעד איך דאָך איצטער.
איך, דער שטאָלצער טאָם.

ג ד:

שטאָלצער טאָם.

ט א ם: (בויגט זיך טיעפער):

נעהם ניט פאַר אומגוט
וואָס איצטער בין איך אַזוי . . .
איך ווייס דאָך וואָס דאָ האָט
פּאַסירט. איך ווייס דאָך
פון דער שטילער פרייד וואָס האָט
אַלעמען ארומגעכאַפּט ווען דיך האָט מען
אין פייער אריינגעשטויסען.
שוין לאַנג האָט מען געגאַרט צו דעם.
נאָר אַליין איז ניט געווען
די פולע מאָס פון מוטה.
נאָר היינט באַגינען, עפּעס ווי אַ צייכען

האָט אימיצער אונז געגעבען.
אפשר ער,
דער האַר.
אפשר זי, די פרוי וואָס איז אַהער
געקומען און פאַרברענט די שמאַטעס
פון איהר לייב.
אפשר. איך ווייס ניט קלאָהר
וואָס היינט ביינאַכט האָט עס איהם
דעם טייוועל אַהער געבראַכט
אַזוינס אין אויער אַלעמען
איינצורוימען. גלויב מיר,
מען האָט זיך ניט צונויפגערעדט.
גלויב מיר,
אָבער מעגסט דאָך מיר פאַרטרויען,
מיר, דעם אַלטען חבר דיינעם,
ווער ביסטו אַזוינער? ביסטו טאַקי
געשמידט מיט כשוף ווי זיי אַלע
מיינען, האַ?
דיין פנים איז כמעט דער אייגענער,
און פונדעסטוועגען
ניט דער אייגענער.
איך ווייס אַז דאָס איז ניט קיין כשוף,
גד, איך קען אין דעם ניט גלויבען.
ניט איך גלויב אין טייוועל
און ניט איך גלויב אין גאָט. איך האָב עס
קיינמאָל ניט פאַרלייקענט.
אָבער דאָס איז אמת, פייער
האָט דיך געלייטערט. פאַרברענט
און אַזוי געלייטערט.
אפשר יעדערער פון אונז
פאַרמאָגט אַזאַ אַ כח,
אַ באַהאַלטענער פון אונז. נאָר אפשר
האָסטו דעם סוד געקראָגען.
אפשר אַזאַ שפרוך וואָס דו האָסט געקראָגען —
בעט איך דיר: גיב עס איבער מיר,
מיר, דיין פריינד.
בסודי־סודות . . .
צי זאָל איך שפּרינגען אַליין אין פייער?
און אפשר ווערען אַריינגעשטויסען?
ג ד :
אריינגעשטויסען.
ט א ם :
דאָס קען מען נאָר אַ שונא טהאָן,

און איך —
איך האָב דאָך גאָר קיין שונאים ניט.
ווער ט'עס ווען טאמ'ען
שטויסען אין פייער אריין?
אין דער צושמאָלצענער רודע אריין?

גד:
אין דער צושמאָלצענער רודע אריין.

טאם: (פארווירט):
עס כאַפּט מיך אַרום אַ שרעק
ווען דו רעדסט אַזוי.
איך קען מיר גאָרניט אויסמאָלען
די רגע ווען איך פאַל
אין צוגליטען שטאָל אריין.
ווי האָסטו געשפּירט?
און אפשר האָסטו גאָרניט
געשפּירט. נאָר ווי אין חלום
אַזוי אויפסנייַ געבוירען געוואָרען?

גד:
נאָר ווי אין חלום אַזוי אויפסנייַ
געבוירען געוואָרען.

טאם: (ציטערט):
ווי קען איך אַזאַ נסיון? האָ?
אפשר זאָל איך צו אַזאַ נסיון
ניט געהן. אפשר, גד?
איך האָב געהערט דיין שמועס.
ער האָט אַ גאַנצע העלפּט
דיר אָנגעבאָטען.
און דו ווילסט ניט?
איך פאַרשטעה דיין מאַכט. איך
האָב עס שטענדיג פון שווייגען
דיינעם ארויסגעזעהן.
ווילסטו מעהר ווי אַ העלפּט? איז עס דיר
אַלץ איינס?

גד:
אַלץ איינס.

טאם:
פאַרוואָס האָב איך איצטער
פאַר דיר מורא . . .
כאָטש איך האָב שטענדיג ניט געקענט
זיין גאָר גלייכגילטיג
צו דיין שווייגען. אָבער איצטער —

גד, מיין קאַמעראַד —
טוה מיר גוט ברידעריש אַ קלאַפּ
אין פּלייצע און זאָג: טאָם,
מיין אַלטער טאָם,
מיין אַלטער גוטער פריינד.

ג ד :
מיין אַלטער טאָם,
מיין אַלטער גוטער פריינד.

ט א ם :
וועסט דאָך אַלץ טהאָן פאַר טאָם'ען.

ג ד :
אַלץ טהאָן פאַר טאָם'ען.

ט א ם :
כאַ־כאַ־כאַ, גערוואוסט
אַזוי וועט עס זיין.

ג ד :
אַזוי וועט עס זיין.

ט א ם : (כאַפּט גד'ס האַנד און פּרעסט זי צו זיינע ליפּען. און אַזוי קוקט ער גד'ן אין די אויגען. ווי אין חלום טוט ער עס. לאָזט אַרוים די האַנט און הוקט זיך שטיל אָפּ אַ פּאָר שריט, שעפּטשעט):
עפּעס זעה איך. זיין פּנים
שטראַהלט דאָך
ווי דאָס פּנים פון דערלייזער.
האַ — — —

ט א מ פּ ס אָ ן : (זיין קול צווישען די בנינים):
מייז! אַרוים פון די לעכער!
געהט אַרוים און צוברעכט איהם
די ביינער זיינע. שליידערט איהם
נאָך אַמאָל אין פייער אַריין.
אַרוים פון די לעכער, העי!
אַרוים פון די לעכער!

ט א ם :
באַשטראָף זיי ניט, גד,
פאַר זייער נאַרישקייט.

ש ט י מ ע ן : (פון צווישען די בנינים):
אין קיין נייעם פייער וועסטו
מיך ניט טרייבען מעהר.
מיר ווייסען וואָס מיר האָבען

געטאָן.
און אַליין צו נעמען שטראָף —
מיר געהען ניט.
ער האָט פאַרשפּאַרט יעדען אַרויסגאַנג —
ניטאָ קיין דערלייזונג.
ניטאָ קיין דערלייזונג.
אָ־אָ־אָ־אָ־אָ!

א פ ר ו י: (זעהר אַלט, קומט אין איין געלויף מיט אַלע כוחות. זוכט מיט די אויגען.)
וואו איז ער? צי איז דאָס
אמת, האַ?
אַ מענשען, זאָגט מען, האָט מען
אַ לעבעדיגען אין צושמאָלצענעם אייזען
אַריינגעשטויסען און ער איז צוריק
אַרויסגעקומען אַ לעבעדיגער.
וואו איז ער?
דער הייליגער!
דער הייליגער!
די גאַנצע וועלט קומט אַהער.
וואו איז ער?
וואו איז ער?
מען זאָגט ער איז אַ איד.
צי איז דאָס אמת, האַ?

ט א ם:
אמת, אמת. אָט דאָס איז ער.

פ ר ו י: (פאַלט אויף די קניע):
העלף מיר, העלף הייליגער!
ווי דיין פּנים איז באַשטראַהלט!
העלף מיר, העלף! מיין מאַן,
ער איז שוין לאַנג אוועקגעשטאָרבען
און איך בין שוואַך, נישטאָ קיין כח
זיך אומצושלעפּען אויף דער וועלט.
דעם טויט גערופען.
אָבער איצטער וויל איך לעבען.
זעהן די גרויסע נסים.
גיב מיר כח! גיב מיר כח!

ט א מ פּ ס אָ ן: (קומט און שטויסט פאָראויס אַ האַלב־נאַקעטען און נידערגעשלאָגענעם אַרבייטער.)

א ר ב י י ט ע ר: (ווי ער דערזעהט גד'ן פאַלט ער אַנידער פאַר איהם און הויבט אָן מיט אַ וויינענדיגער שטימע):
זיי מיר מוחל,

זיי מיר מוחל,
זיי מיר מוחל . . .

פ ר ע ד : (קומט אָן בלאַס, צובראָכען פון פחד).

ט א מ פ ס אָ ן : (שרייט):
שטעהט אויף איהר שוטים! און קוקט איהם
גלייך אין פנים. ער איז דאָך אַ איד,
אַ איד אַ פאַרשאָלטענער.

א י י נ ע ר : (קומט אָן אויף אַלע פיער צופויזען. דערנעהענטערט זיך
צו גד'ן און פאַלט מיט'ן פנים צו דער ערד. בעט):
זיי אונז מוחל און באַשטראָף ניט
צו שטאַרק.
באַשטראָף ניט.

פ ר ע ד : (ציהט טאמפסאָן'ען ביים האנד און מיט שרעק אין גאנצען
ווענען דערוויטערען זיי זיך פון דאנען.)

ט א ם :
האָסט אַ סך דערגרייכט, גד. און כאָטש
איין דערלייזער איז שוין
פון דיין פאָלק ארויסגעקומען
דאָך ברעכען מיינע קני זיך אונטער.
(פאַלט צו דר'ערד.)

אַ ג ר ו פ ע : (מענער, פרויען מיט אַ רעליגיעזען עקסטאַז קומען אָן,
לאָזען זיך אראָפּ ווער אויף די קניה, און ווער מיט'ן פנים צו דר'ערד.)

ק ו ל ו ת :
העלף אין אונזער שווערער נויט.
העלף אונז פון שווערען אומקום.
העלף און באַפריי אונז
פון די שווערע זינד.
באַפריי אונז פון דער שווערער
שטראָף.
העלף אונז צו דערבליקען
דעם ליכטיגען וועג.
אַנטפּלעק אונז דיין פנים.
דיין לויטערען פנים.
אונזער דערלייזער! העלף אונז.
אונזער אויפריכטער, פאַרנעם אונזער געבעט.
עס שפרייט די זינד זיך
אַזוי ברייט, אַזוי ווייט.
מיר ווערען אין זינד פאַרזונקען.
מיר ווערען אין צער דערטרונקען.
פאַרנעם אונזער געבעט,

פאַרנעם אונזער פּיין.
אָ־אָ־אָ־אָ —
דערלייז מיר, דערלייז מיך!

ט א ם: (שפּרינגט אויף. שפּרייט אויס די הענט. שרייט):
איך ווער פאַרווירט. איך ווייס ניט
וואָס ביינאַכט איז געשעהן.
איך ווייס ניט.
אָבער דו, גד, דערלאָז ניט
מען זאָל קניהען פאַר דיר,
דערלאָז ניט צו דערנידערונג.
ווייסט דאָך, דאָס רעדט צו דיר
טאם, וואָס האָט אין איינעם
מיט דיר זיין לייב געברענט.
שריי אויס:
דו ביסט אַ זינדיגער!
שריי אויס אַזוי לאַנג ווי מיינע קני
ברעכען זיך ווידער אונטער.
(פאַלט ווידער צו דר׳ערד.)

ק ו ל ו ת:
ער האָט איהם באַליידיגט.
ער וועט אונז פאַרלאָזען.
לאָז אונז, זינדיגע, ניט איבער.
לאָז אונז, זינדיגע, ניט איבער!
(אַ פרישער עולם קומט אָן מיט קולות):
נסים, גרויסע נסים!
ווידער צו אונז געקומען
איז דער דערלייזער.
אַוואו איז ער?
אַוואו איז ער?

א ל ט ע פ ר ו י:
קינדערלאַך, אפשר האָט מען
אונז אָפּגענאַרט.
אַזויפיעל מאָל אין לעבען
אונז שוין אָפּגענאַרט . . .
(נאָך אַן עולם קומט מיט קולות):
זעהט ווי עס לייכט דער אָרט!
זעהט ווי אַלץ אַרום באַנייט!
זעהט! זעהט! זעהט!
נעהנטער צו איהם וואו
עס רוהען זיינע פיס.
נעהנטער צו איהם, נעהנטער צו איהם.

אָ, ער וועט אונזער שווערען לעבען
פאַרגרינגערען.
אָ, ער וועט אונזערע יסורים
לינדערען!

א ש ט י מ ע (שרייט העכער אַרויס פון עולם):
זייט וויסען אַז אויף אַש
איז ער פאַרברענט געוואָרען.
אַ געבויגענער איז ער געוועזען
און זעהט
ווי גלייך ער איז איצטער.
איינגע׳הושכ׳ט איז ער געוועזען
און זעהט
ווי ער לייכט . . . ווי ער לייכט.

ק ו ל ו ת:
דאָס איז ער!
דאָס איז ער!
האָב טאָג איין, טאָג אויס
געוואַרט אויף אַזאַ נס.
די וועלט וועט זינקען
אָהן אַ נס.
מיר האָבען דיך גע׳רודפ׳ט
אַ גאַנץ לעבען
ניט פאַר דיינע זינד, נאָר פאַר אונזערע אייגענע.
מיר בעטען איצטער דיך:
גיס ניט אויס דיין צאָרן,
גיס ניט אויס דיין צאָרן.

א י י נ ע ר (פון ווייטען שרייט):
ער איז אַ איד! אַ איד!
אַ איד ווי אַלע אידען.
טפוי, שפייט אויף איהם.

ק ו ל ו ת:
ווער איז ער, דער לעסטערער,
גאָט׳ס לעסטערער?!
אויף שטיקער צורייסען!
אויף פאַסען צושניידען!
פאַרשטיינען!
פאַרשטיינען!

א י י נ ע ר (צו גד׳ן):
פאַרוואָס שווייגסטו און גיסט ניט
אויס דיין צאָרן? פאַרוואָס?

איין ריהר מיט׳ן האַנט טו —
און ער וועט פאַרטיליגט ווערען.
קום מיט אונז —
קום דורך רווישיגע גאַסען.
דורך גאַסען מיט מענשען פול.
דאָרט געהט מען אין דער פינסטערניש,
קום, באַלייכט דעם וועג.
קום און באַווייז זיי
דעם ליכטיגען וועג.

ק ו ל ו ת :
מיר זענען ניט ריין און
ווי ט׳ער געהן מיט אונז?
אונזערע הענט ניט ריין.
אונזערע הערצער ניט ריין!
לערן אונז, אָ, לערן
די נשמות צו לייטערן.
לערן אונז, אָ, לערן
אונזערע נשמות צו לייטערן.
דערלייזער! מיה זיך פאַר אונז.
מיר געהען אַרום אויף
פאַרבלאָנדזשעטע וועגען —
ווי פאַרבלאָנדזשעטע שאָף
אויף פינסטערע שטעגען.
קיינער ווייזט אונז ניט
דעם וועג.

א י י נ ע ר (שרייט):
אָ, איהר קרעציגע הינט!
וואָס פאַלט איהר און בעטעלט
פון שמוציגען אידען —
קרייציגט איהם!

ק ו ל ו ת :
קרייציגען!
קריי-ציגען!!

א י י נ ע ר :
וואָס טהוט איהר? וואָס טהוט איהר?
הערט, הערט ווי דאָס בלוט
זינגט אין אייך.
אָ, איהר זייט געלייטערט.
קוקט אָן איינער אין אַנדערענס אויגען —
קוקט! קוקט!
(דאָס ווירקט און מען קוקט זיך איבער.)

ג ד : (וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט די הענט דאָס פּנים פאַר־דעקט. ער דעקט אָפּ זיין פּנים וואָס איז פול מיט דעם אויסדרוק פון עקעל און רחמנות. ער מאַכט אַ טראַט, מיט דער כונה ארויסצוקלייבען זיך פון עולם, אָבער דער וועג איז אַ פאַרשטעלטער. מען כאַפּט איהם ארום זיינע פיס.)

יונגע פרוי (פאַלט צו צו איהם און קלאָגט אויפ׳ן הויכען קול):

קולות:

טרייבט זי אוועק!
אַ זינדיגע!
פאַרשטעלט איהר דעם וועג.
מיט שטיינער אויף איהר!

פרוי (ציהט זיך צו איהם):

דיך האָב איך שטענדיג
געזעהן אין אַלע מיינע טריט.
ווייס, איך האָב דאָך קיינמאָל
צו דיר געטראָגען קיין האַס,
כאָטש אין מיר אליין איז
ליעבשאַפט
און האַס —
ביידע ווי צוויי שלאַנגען
איינגעקנוילט.
דעק אָפּ דיין פּנים
און לאָז דיין ליכט
אויף מיר פאַלען.
אָט איז מיין ליבּ אַזוי ריין —
אָט איז מיין לייב —
אָט איז . . .
(זי וויל אָפּדעקען איהר לייב.)

קולות:

וואָס שטעהט איהר פאַרווירט!
זעהט וואָס זי טהוט!
(פרויען באַפאַלען זי. וועהרט זיך, שרייט אַלעמען איבער.)

פרוי:

דעק אָפּ דיין פּנים און לאָז
פאַלען אויף מיר דיין ליכט!

קולות:

לאָז פאַלען דיין ליכט
אויף זינדיגע!
לאָז פאַלען דיין ליכט!

א י י נ ע ר : (שרייט):
איך דערקען זי. ביינאַכט
געשליידערט די קליידער אין פייער.
האָט כשוף דאָ אונטערגעלייגט.

צ ו ו י י ט ע ר :
בהמות! וואו איז אייער געשטאַלט?
איהר ווערט שוואַכער פון רגע צו רגע
און ער ווערט שטאַרקער
פון רגע צו רגע.
שטעהט אויף! שטעהט אויף!
אַ טייוועל האָט זיך באַוויזען
אין אונזער מחנה
און איך וועל דער ערשטער
אַ שטיין אויף איהם וואַרפען.
(וויל וואַרפען אַ שווערען שטיין. מען דערלאָזט איהם ניט.)

אַ ד ר י ט ע ר :
הללויה, הללויה, לויבט זיין נאָמען —
זאָל זיין נאָמען געאַכפּערט זיין.
ער איז פון פייער צו אונז געקומען.
ער איז פון פייער צו אונז געקומען!

ג ד : (רעקט אָפּ זיין פּנים און וויל נאָך אַמאָל זיך מאַכען אַ וועג, אָבער מען ליגט ביי זיינע פיס און זיינע פיס זענען ווי געשמידט.)

ט א ם : (הויבט זיך אויף. צו גד'ן):
נעהם מיין האַנט. איך וועל דיך
אַרויספיהרען פון דאַנען.
גיב מיר דיין האַנט.

ג ד : (שטרעקט אויס צו איהם זיין האַנט.)

ט א ם : (נעהמט אָן זיין האַנד און לאָזט זי פּלוצלונג אָפּ, גלייך ווי ער וואָלט זיך אין איהר אָפּגעבריהט. מיט עקסטאַז):
אָ, ווי זיין האַנט ברענט!
אָנגעזאַפּט מיט זוניגקייט
איז זיין האַנט.
דורכגעברענט מיט פייער
איז זיין האַנט.
הללו-יה! הללו-יה!

פ ר ו י ע ן : (היסטעריש):
הללו-יה! הללו-יה!
הללו-יה! הללו-יה!
הללו-יה! הללו-יה!
(די הללויה אויסגעשרייען אין עולם וואַקסען. עס קומען אָן נאָך מענער, פרויען. פאַלען אַריין אין דעם אייגענעם עקסטאַז. ציהען

די הענט און בעטען הילף מיט דעם אייגענעם „הללויה, העלף אונז!“ ווי פון אַ ציקלאָן אַרומגעכאַפּטע בוימער פון וואַלד, אַזוי בויגט עס און וויגט און שלײַדערט איינעם צום אַנדערען. דער געשריי און געבעט איז פול מיט פאַרווירטקייט און פרימיטיווען כאַאָס. און וואָס דער עקסטאַז שטייגט, אַלץ מעהר ווערט די גלייכע פיגור פון גד'ן געבויגען. עס טרייבט צו איהם אַ מענשען כוואַליע גלייך ווי די כוואַ־ל'עס וואָס ווערען פון אוראַגאַנען געטריבען צו אַ פעלז ביז דער פעלז ווערט פון די כוואַליעס פאַרדעקט. אַלץ קלענער און קלענער ווערט גד און ער ווערט א'ן דעם באַרג פון מענשען איינגעזונקען. פלוצלונג רייסט אַלץ איבער אימיצענס אַ שאַרפער אויסגעשריי. שווער צו דערקענען צי דאָס שרייט אַ מאַן צי אַ פרוי. דאָס געשריי ווי מיט אַ שאַרפען מעסער שניידט איבער דעם גאַנצען עקסטאַז. מיט אַמאָל ווערט עס שטיל. מען קוקט זיך אַרום און מען באַמערקט אַז גד איז נ'עהר ניטאָ. עס הויבען זיך אָן אַלערליי קולות):

וואו איז ער?
וואו איז ער?
אונזער דערלייזער!
וואו איז ער?
וואו איז ער?
פאַרשוואונדען!
פאַרשוואונדען!
עס ווערט פינסטער!
פינסטער! פינסטער!
אונזערע הייזער!
(עס צאַווייגט זיך אַ שטילער געוויין.)
אָ־אָ־אָ־אָ־אָ־אָ —
אָ־אָ־אָ־אָ־אָ־אָ —

(אין הינטערגרונד, צווישען די טיגלען באַווייזט זיך אַ זייל רויך, פלאַמען. באַלד באַווייזט זיך אַ זייל רויך אין אַן אַנדער זייט. דער עולם קומט צו זיך פון דער פאַרווירונג. קולות):

פייער!
פייערען כאַפּען אונז אַרום!
ער צינדט פייערען אַרום אונז!
ער וועט די וועלט מיט פייער
פאַרקלאָזען!
ער וועט אונזערע הייזער
מיט'ן פייער פאַרקלאָזען!
אונזערע הייזער ברענען שוין!
אונזערע הייזער!
לויפט! לויפט!
אין שטאָדט אַריין!

ט א מ פ ס אָ ן: (באַווייזט זיך צווישען די בנינים. שרייט):
צינדט! איך באַפעל!

מיין פאַרמעגען, צינדט! צינדט!
(דער עולם איז צוטומעלט. מען וויינט. ברעכט מיט די הענט. דער רויך און די פלאַמען צוטרייבען זיי אויף אַלע זייטען.)

פ ר ע ד (קומט אָן שנעל און כאַפּט טאַמפּסאָן'ען פאר'ן האַנט און פיהרט איהם צום פייער.)

ט א מ פ ס אָ ן:

אַזוי האָב איך באַשאַפען
און מיט מיין ווילען
האָב איך צושטערט.

(אין זיין פנים איז דער אויסדרוק פון נצחון און משוגעת. געהען ביידע שטיל אַוועק. פון דאָ און דאָרטען דערטראָגען זיך יאָמערען און פאַרווירטע קולות. די זון געהט אויף און רייסט זיך אריין מיט איהר ליכט אין דער געגענד וואָס וויקעלט זיך אין פלאַמען און רויך.)

אַ פ ר ו י (אין די מיטעלע יאָהרען. נידערגעשלאָגען און צובראָכען קומט אָן. פיהרט ביים האַנט צוויי קליינע קינדער. ברעכט מיט די הענט יאָמערט):

גד, וואו ביסטו מיין גד?
זאָגט מיר צי איז דאָס אמת?
צי איז דאָס אמת, גד!
גד! גד! גד! גד!
(פאַלט צו דר'ערד.)



## דער פּרץ הירשביין צווייג 352

## אידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד



מיר דריקן אויס די הארציקסטע באַגריסונגען צו דעם גייסטיקן פירער פון אונדזער צווייג, דעם דראַמאַטיקער און דיכטער, דער ליכטיקער פערזענליכקייט, פּרץ הירשביין, צו זיין יובילייו!





## דער לאָס אַנגעלעסער קאָונסיל
## פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

באַגריסט האַרציק דעם חשובן אידישן שריפטשטעלער — דראַמאַטורג, נאָוועליסט און דיכטער

## חבר פּרץ הירשביין

צו זיין 65-יאָריקן געבוירן-טאָג. מיר ווינטשן אים לאַנגע יאָר! שפע אין זיין שעפערישן שאַפן פאַרן אידישן פאָלק. לאַנג זאָל ער נאָך דערפרייען דעם אידישן לייענער מיט זיין פּראָדוקטיווער פעדער, מיטווירקן אין אַלע געזעל-שאַפטליך-קולטורעלע אַקטיוויטעטן!

**ל. הדס**, פּאָרזיצענדער

**א. באַבימש**, סעקרעטאַר - **ה. רויזענבלאַט**, קולטור דירעקטאָר



שלום עליכם ברענטש

פון

אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, 305

זייט האַרציק געגריסט טייערער חבר,

פירער, גרויסער שריפטשטעלער

פרץ הירשביין!



## קאָנסל פון פרויען לייען קרייזן
## אין לאָס אַנדזשעלעס



די לייען קרייזן זיינען באמת גליקלאַך צו לעבן אין דעם דור צוזאַמען מיט אונדזער ליבן שרייבער, דראַמאַטורג, דעם חשובן שריפטשטעלער פּרץ הירשביין, וועלכער האָט אויסגעקליבן אונדזער שטאָט פאַר זיין היים.

מיר באַגריסן דעם באַרימטן שריפטשטעלער, דראַמאַטורג, פילע גליקלעכע יאָר פון שעפערישקייט!

ה. רויזענבלאַט לייען קרייז

ת. גאָלדבלום לייען קרייז

ד. פינסקי לייען קרייז

יהואש לייען קרייז

ת. גרינבערג לייען קרייז

א. שומיאַטשער לייען קרייז

דער לייען קרייז אַרום די אַרב. רינג שולן

## באַגריסונגען פון אָרגאַניזאַציעס



מיר, די מיטגלידער פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד קאָנסול און ברענטשעס, באַגריסן דעם חשובן יובילאַר פּרץ הירשביין, צו זיין 65-טן יובל, און וואונשן אים געזונט און פאַרזעצן זיך שעפערישע טעטיקייט.

באראכאָוו צווייג

שלום עליכם צווייג

פּרץ הירשביין צווייג

דר. טה. הערצל צווייג

דר. חיים ווייצמאַן צווייג

דר. נ. זאַלצמאַן צווייג

בעי סיטי צווייג

דר. א. איינשטיין צווייג

ל. בראַנדייס צווייג



דער שטאַט קאָמיטעט פון אידישן פראַטערנאַלן פאָלקס אָרדן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, שיקט זיינע וואַרעמסטע גרוסן דעם גרויסן אידישן שריפטשטעלער און בויער פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרץ הירשביין, צו דער געלעגנהייט פון זיין איצטיקער יובליי־פייערונג.

עס איז אונדזער הייסער וואונטש, אַז דער יובילאַר זאָל זיין געזונט און וויטער אָנגיין מיט זיין שעפערישן שאַפן פאַר אַסך, אַסך יאָרן.

א. מאימודעס, סעקרעטאַר.



# סאַן פראַנציסקאָ



מיר באַגריסן אונדזער טייערן שריפטשטעלער
פּרץ הירשביין צו זיין 65־יאָריקן געבוירנטאָג.
מיר ווינשטן אים פרייד און לאַנגע יאָר פון
שעפערישער ארבעט.

חבר און חברה גארפינקל
חבר און חברה סאל פרידמאַן
חבר און חברה י. ספעקטאר
חבר און חברה אַלעקס רובין
חבר און חברה על. קאנטראָ



## סאַן פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניע
## אידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד
## פּרץ הירשביין צווייג 311

באַגריסט דעם גרויסן דראַמאַטורג און שריפטשטעלער פּרץ הירשביין צום 65־יאָריקן יובילייאום און ווינשט דעם יובילאַר נאָך אַ סך יאָרן פון שעפערישער אַרבעט אויפן געביט פון אידישער ליטעראַטור און פרעסע.

ל. טוזמאַן, פאָרזיצער

פּ. שיפּניאַק, סעקרעטאַר



## באַגריסונג פון איקוף
## און דעם קאָנסול פון די לייען קרייזען

מיט טיפער פאַרערונג באַגריסען מיר אונדזער גרויסן דיכטער און דראַמאַטורג פּרץ הירשביין צו זיין 65-טן געבוירנטאָג.

פּרץ הירשביין האָט געטריי געדינט אונדזער פאָלק, אונדזער דור, מיט זיין ראָמאַנטישער פען שאַפט ער און באַרייכערט אונדזער קיום, אונדזער אידישן חלום.

פּרץ הירשביין ברענגט צו אונדז זיינע חלומות, אונדזערע חלומות, אויף דער בינע אָנגעקליידט ווי פּשוטע מענטשן פון „גרינע פעלדער", „אַ פאַרוואָרפן ווינקל", וואָס דערציילן אידילישע מעשיות פון אונדזער אידיש לעבן. נאָר דאָס ווערט דערציילט מיט אַ ניגון, אַ האַרציקן, אידישן ניגון און מיט לויטערן נביאישן אמת.

אין די נישעס פון זיין ליטעראַרישן בנין זיינען פאַראַן הונדערטער ערלעכע תמימותדיקע פאָלקס מענטשן, וואָס לויכטן מיט זייערע טרוי־מערישע וועלטן, און ווען איר ווערט מיט זיי באַקאַנט גייט אייך איבער דאָס האַרץ פון דעם פאַטעטישן נחת מיט וועלכן פּרץ הירשביין האָט זיי געשאַפן: פון דער גוטסקייט און פרידליכקייט פון דעם אידישן פאָלקס מענטשן; פון פּרץ הירשביינס טיפן גלויבן אין דער עכטער אידישער מאָראַל, אין דעם קיום פון זיין פאָלק און די גערעכטיקייט און שלימות פון דער וועלט.

און אין דער איצטיקער ביטערער צייט דאַרפן מיר אייך האָבן נאָך מער ווי ווען עס איז; נויטיקן זיך נאָך מער אין אייער ליכטיקן יום טוב, וואָס איר ברענגט אונדז; אין אייער לויטערן גלויבן, טייערער פּרץ הירשביין!

שלמה בעלסקי, סעקרעטאַר·

י. ל. פּרץ לייען קרייז
מענדעלע לייען קרייז
שלום עליכם לייען קרייז
שלום אַש לייען קרייז
כאַווער פּאַווער לייען קרייז
גינאַ מעדעם לייען קרייז
ראַבאַי לייען קרייז
דר. חיים זשיטלאָווסקי לייען קרייז
משה לייב האַלפּערן לייען קרייז
חיים שוואַרץ לייען קרייז
ז. ווייַנפּער לייען קרייז

## אונזער האַרציקע באַגריסונג צו פּרץ הירשביין

מיר, די קליינע צאָל אידען פון אָנטאַריע, קאַליפאָרניע, זענען באַקאַנט מיטן באַרימטען שרייבער פּרץ הירשביין פאַר זיין גרויסען צושטייער צו דער אידישער ליטעראַטור, און צום אידישען טעאַטער.

כאָטש מיר זענען דערווייטערט פון דער גרויסער שטאָדט מיט אירע קולטור-טעטיקייטן, וואו עס איז מעגליך נאָהנט צו זיין לעבען אידישען שרייבער, שאַפער פון דער אידישער ליטעראַטור, דאָך זענען מיר ניט אָפּגעריסען אינגאַנצען פונם כלל, וואָס העלפט אונזערע שרייבער פאַרשפּרייטען זייערע ווערק אָדער קומען הערען פון איהם אַ אידיש וואָרט.

דעריבער, ווען אָט אַזאַ פיינער און באַרימטער פאָלקס-שרייבער ווי פּרץ הירשביין איז געוואָרען 65 יאָר, שליסען מיר זיך אָן אין דעם גרויסען כלל און מיר וואונשען איהם נאָך אַסך יאָהרען לעבען מיט זיין פרוי אסתר און זייער זון עמוס, פון וועלכען ער זאָל נאָך דערלעבען אַסך נחת.

מיר וואונשען איהם אויך, אַז ער זאָל נאָך לאַנג קאָנען שאַפען פאַר אונזער אידישע ליטעראַטור, צו וועלכער ער האָט אַסך ביינעשטייערט מיט זיין פען.

ל. מאַטלין
מיסעס מאַטלין
משה ווייסמאַן
דר. נ. רייטמאַן מיט זיין פרוי
דר. י. ליינגסנער, זיין פרוי דאָראָטי
יצחק און ראָוז מעראָן
מר. י מרס. דזשאָרזש גאָלד
מייער קאַץ
מעקס גאָלדין
מר. און מרס. יעקב שאָר
מר. און מרס. אייב קיסנער
פריינד צודיקאָוו

### די סאַוויטץ פאַמיליע

באַגריסט פּרץ הירשביין!

(פון די קעטסקעל בערג)

וואָס זיינען איצט די נייע פאַרוואַל-טער פון פאַרעדייז רעזאָרט אין אָנטאַריע, באַגריסן דעם באַרימטן שרייבער צו זיין 65-טן געבוירען טאָג.

זאָל ער נאָך לאַנגע יאָהר שריי-בען פאַר דעם אידישען לייענער, פאַרן אידישען פאָלק!

# אויפבוי גרופּע

באַגריסט האַרציק דעם אידישן שריפטשטעלער, דעם
חשובן יוביליאַר, פּרץ הירשביין!

מיר ווינטשן אים יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט,
צו העלפן בויען דאָס אידישע לעבן ווי ער האָט דאָס
געטאָן ביז איצט.



# די אידישע קולטור גרופּע
# ביים ים

באַגריסט האַרציק, מיט ליבע, דעם חשובן יוביליאַר,
פּרץ הירשביין, און ווינטשט אים נאָך לאַנגע פרוכט-
באַרע ליטעראַרישע טעטיקייט!

# דער אַרבעטער רינג
# און אירע שולן

אין אַלע זיינע צווייגען
באַגריסן דעם גרויסן אידישן שריפטשטעלער

**פּרץ הירשביין.**



דרום קאַליפאָרניא דיסטריקט קאָמיטע
קראָפּאָטקין בר. 413 אַרבעטער רינג
וולאַדעק בר. 443 אַרבעטער רינג
דעבס בר. 590 אַרבעטער רינג
פּראָגרעסיווער בר. 601 אַרבעטער רינג
מאיר לאָנדאָן בר. 605 אַרבעטער רינג
פּאַסאַדינאַ בר. 654 אַרבעטער רינג
וולאַדימיר בר. 655 אַרבעטער רינג
ליעסין בר. 663 אַרבעטער רינג
מאָריס זיגמונד בר. 689 אַרבעטער רינג
א. ר. בר. 967 אַרבעטער רינג
בר. 933 אַרבעטער רינג
מאָריס ווינטשעווסקי בר. 983 אַרבעטער רינג
די אַרבעטער רינג שולן




זיצן אונטערשטע רייע: פון רעכטס צו לינקס: סילוויאַ אייבראַמסאָן, באשע סלאָבאָדסקאַיאַ.
צווייטע רייע זיצן: באבעלע בלאקמאַן, ראובן וועגדאָרף, בן־צבי באַראַטאָוו, וואָלף גאָלדפּאַדן,
לאה וועגדאָרף. שטייען: — רובינשטיין, פּאָליאַ קאַפּילאָוו, עזרא סטיין, סעם טרייבוש.

די איינוואוינער פון דער קאָלאָניע „גרינע פעלדער״ באַגריסן הארציק דעם מחבר פון „גרינע פעלדער״ פּרץ הירשביין, צו זיין יובל פייערונג און ווינטשן אים כל טוב סלה.

| | |
|---|---|
| י. אייזיקסאָן | ה. פישנער |
| ש. אַקימאָוו | י. פישנער |
| ב ר א ו ן | מר. פעדער |
| ש. בראַנדעס | מר. קירשנבוים |
| י. גאָלדשטיין | נ. קאַמענעצקי |
| ג ר אָ ס מ אַ ן | מר. קאַבאַקאָוו |
| ד ז ש אַ פּ ע | נ. קאזשדאן |
| ס. האַלפּערין | מר. ראָטבאַרד |
| ד. האַלפּער | מר. רובין |
| מרס. לעווינסאָן | ר. ראקאָווסקי |
| ה. לעווין | י. שוואַרץ |
| מר. לעווין | א. שיפּרין |
| מ. לעווין | מר. שלינגבאום |
| מ א ר י נ ג ע ר | מ. שוואַרץ |
| מר. מוסין | מר. שאליט |
| ש. ניגער | חנה און י. אייזנבערג |
| מרס. פּיניצער | זאב דובלמאַן |
| נ. סטוטשקאָוו | מאַקס בראַוערמאַן |
| מ. סילווער | איידע און הערי ווייץ |
| מר. סטרוגאטש | סעם און מערי לערנער |
| י. סטומער | פּאל וואָלפּאָוו |
| דר. עלמאַן | י. קאַפּלאַן |
| מענדל עלקין | צבי סקולער |
| דוד פּינסקי | יוליוס מאַרקוס |
| א. פּרוזשאַנסקי | ס. א. קאָוונער |
| מ. פּרוזשאַנסקי | מר. ארקין |
| לאזאר און שרה וויינער | רואבין שיפּרין |



מיר, די אונטערגעשריבענע, דריקן אויס אונדזערע האַרציקסטע ברכות צום יובילעאַר, אונדזער גרויסן שריפטשטעלער און דראַמאַטורג, פּ ר ץ ה י ר ש ב י י ן, ווי אויך צו זיינע נאָענטסטע מיט אים. לאַנגע יאָר פון שעפערישקייט, וואָס דאָס איז אַ גרויס געשאַנק פאַר אונדז און פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק.

שמעון טרייבוש
באַשע סלאָבאָדקין
מר. און מרס. בערנשטיין
דזש. פאָגעל
מר. און מרס. דזש. קאהען
מר. מאַקס אַדעלמאַן
מר. און מרס. א. דעקטער
מאיר און ריסעל אָסטראָווסקי
יאַנקעל, יאָסי און בתיה
אָסטראָווסקי
חבר און חברה ס. גאָטלין
חבר און חברה פאַסעלטינער
משה גינזבורג
חבר און חברה קאָפּעל

▼

די דראַמאַטיש סימבאָלישע פּאָעמע „דער נס“ איז אויסגעקליבן געוואָרן פון דער רעדאַקציע פון דעם פּרץ הירשביין יובל בוך מיט אַ ספּעציעלן מאָטיוו! די דראַמאַטישע פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן אין 1924, און קלינגט ווי אַ נבואה, וואָס איז גילטיק אויף אונדזער טראַגישער צייט, אויפן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק.

**רעדאַקציע.**

▼

---

## לאָס אַנגעלעסער אידישער קולטור קלוב

**שליסט זיך אָן אין די וואונשן פון אַלע קולטורעלע, ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס און באַגריסט דעם אידישן שריפטשטעלער פּרץ הירשביין צו זיין 65־טן געבוירנטאָג.**

# באגריסונגען

חבר און חברה אַרטור קופּער
דזשייקאָב און איוואַ קארלאן,
(געסט פון ניו יאָרק)
חבר און חברה דזשייקאָב
און ראָוז קאגאן
חבר און חברה ראער
חבר און חברה ה. ראָטבלאַט
חבר און חברה מעקס ראַטנער
חבר און חברה אַלעקס רובין
חבר און חברה ה. רויזענבלאַט
חבר און חברה שמואל רובינשטיין
חבר ל. ראהט
חבר ראַפּאפּאָרט
דר. מ. נ. רובין
חבר און חברה פּ. ריסקין
ל. ראָגין
חבר און חברה רייפּס
חבר און חברה ריגאטי
חבר און חברה רובין
חברה ריפקין
על און חנה ראָזענטאַל
חבר רויזענבערג
אסתר רויטביל
חבר און חברה פּ. ראָזענצווייג
אַלעקס און שפרה ראבין
זינאַ שייפער
חבר און חברה וו. שאָר
חברה יוסף שטיינבערג
(אין אָנדענק פון איר מאַן
יוסף'ן שטיינבערג)
חברה פעני שאַפּיראָ
חבר היימאַן שוואַרץ
חברה אַנאַ שנייד
חבר און חברה חיים שאַפּיראָ
חבר און חברה הערי שאשקין
חבר און חברה יוסף שאַפּיר
חבר און חברה
וועלוועל באַראַנאָפסקי

חבר און חברה שוואַרץ
חבר און חברה א. אַפּעלבאַום
אהרן און בעסי ראָטבלאַט
מאַקס און מיני הייקין
ז. בונין
מאָרים און ציפּקע בעסמאַן
סעם פּאַוולין און רייזעלע
דזשעק און סאָפיאַ ראָטבלאַט
אהרן און מרים רעזניק
מאָרים ווינטשעווסקי בר. 983
חבר און חברה מ. שעינקמאַן
מנחם און חנה שאַפּיראָ
לואיס האָפמאַן
חבר און חברה ד. פּאָדראָלסק
ס. קלאַפּערמאַן
ב. גאָלדשמיד
א. מאגיל
א. קאָפּלאַנד
חבר און חברה יעקב סיגעלמאַן
חבר און חברה ס. סוירקעס
חבר שמואל פּראוואטינער
אברהם און רחל קלאָטשקאָ
חבר און חברה ל. שטיינבערג
פּאַסאַדינא
חבר און חברה ש. בראָדע
חבר און חברה מאַקס סינגערמאַן
חבר און חברה י. מילער
חבר און חברה ס. לעווי
חבר און חברה ה. בראגינסקי
חבר און חברה ד. וו. קעש
חבר און חברה ה. ראבינסאָן
חבר און חברה יעקב ראָזין
חבר און חברה ראובן לעווין
חבר און חברה א. בידערמאַן
חבר און חברה ישראל צבי גרין
חבר און חברה ב. ראָזאָף
חבר און חברה נ. בעללא
חבר און חברה משה ברוידא

# באַגריסונגען

אַלבערט א. לין
חבר לעווין
חבר און חברה ל. לאַמעד
חבר לערער
שמואל לערער
חבר און חברה פּ. לישמאַן
חבר און חברה לידער
חבר און חברה לינדענבאום
א. ליט
חבר און חברה דזשיי לעפּין
חבר און חברה מעלאַמעדאָף
חבר און חברה איציקל מאַרגאָלין
חברה מאַרגאָלים
מרים און לייזער מעלצער
חבר און חברה מאַרקאָווסקי
יעקב און סעראַ מענדעל
ליווי און מאטמא
מיריאַם
חבר און חברה מושקין
חבר און חברה נח נאַכבוש
חבר און חברה ט. ניומאַן
חבר וו. ניובאן
חבר און חברה הענרי ניומאַן
חבר און חברה נ. נאָרמאַן
חבר און חברה נעמצאָף
חבר און חברה שטיין
חבר און חברה סאול ספּיגלמאַן
חברה רעבעקאַ סטאַטמאַן
חבר און חברה הערי סיימאָנס
חבר און חברה זאַכאַריע
חבר און חברה סעמועל סאליד
אוירווינג און סאל סילפּא
חבר און חברה סקאי
סאָנסעט פּעבריקס
י. סייטוואָרטס
חבר און חברה ג. ערעס
חבר און חברה יוסף פּאַניק
חבר און חברה נתן פּעסין

חבר און חברה פלאפקין
ר. פּאַלמער
דר. פרענסיס פּראָסטערמאַן
חבר סאל. פרידמאַן
דייוויד און עמאַ פעלדמאַן
חבר און חברה ס. פלעקסער
(ברוקלין, נ. י.)
חבר און חברה דזשעק פישביין
חבר און חברה ישראל פריינט
חבר און חברה פּערלמאַן
חבר און חברה פּאָרמאַן
חבר און חברה פילד
חברה ליובאַ פרידמאַן
חברה סילוויאַ קורוס
חבר און חברה על קענטראָ
חבר און חברה קאָנסטאַנטין
דר. און חברה קאָגאַן
חבר הענרי קאָהן
חבר לואיס קאָהן
חבר און חברה טשאַרלס קאַמינסקי
חבר און חברה קאָנשטיין
חבר און חברה קאָפּענהאוז
דר. און זעלדע קליין
חבר און חברה ל. קליינער
חבר און חברה קעסעל
חבר און חברה קאָגאן
חבר י. קאַרלין
פּ. קאַרל
חבר קעי
חבר פּ. קענטאָר
חבר און חברה קעידיש
חבר און חברה דוד כהנסקי
פּיטער קאָהן
חבר קאַנטאָר
חבר כץ
חבר און חברה פיליפּ קאַפּלאַן
חבר און חברה קאַופמאַן
חבר און חברה ח. קוטלער

# באגריסונגען

חבר און חברה ס. אטעלסבערג
חבר און חברה מ. ארפין
ישראל און פנינה אָסמאַן
ס. אקסמאַן
יעקב און ווירא אלקוב
אהרן און גאָסי אייעראָף
דזשוליוס און מאַשאַ עררא
חבר און חברה קארפמאַן
חבר און חברה ל. אייבראַמסאָן
חבר און חברה ה. אייבראַמס
חבר און חברה אַפּפעל
חבר אָשער
חבר און חברה איזגור
חבר און חברה בעסס
מ. י. בליין
ה. באַראָן
בערמאַן
חבר און חברה
שלמה בערקאָוויטש, דעטראָיט
חבר און חברה איציק בעקער
חבר און חברה ב. בוטה
שלמה בערגער
י. באָרענסטיין
חבר און חברה ש. בארלין
חבר און חברה בריינין
חברה באַקראַק
חבר און חברה
באָריס און מערי בעלקין
חבר און חברה י. גינזבורג
עמיל גארפינקל (אין אַנדענק)
חבר און חברה גרינהאָף
שמחה און יעטע גריי
חבר א. גודמאַן
עליזאַ גרינבלאַט
(דיכטערין, ניו יאָרק)
חבר און חברה יצחק גאָרין
חבר און חברה גרינשפּון
שרה און פיניע גאַנז

חברה דינאַ גודמייסטער
(פון ניו יאָרק)
חבר און חברה גאדיסאָן
ק. דאָבין
ה. דעלעניקאָף
חבר און חברה י. דובאָוו
חבר דאָרפמאַן
חבר און חברה דיימאָנד
מאַרקס און ראָזע האָלצמאַן
י. האָפמאַן
חבר און חברה שלמה האָכבערג
חבר און חברה ה. הערמאַן
חבר און חברה האַלפּערין
חברה מ. האָרעליק
חבר סעם הינדערסטיין
חבר און חברה וויזעלמאַן
חבר און חברה אהרן וואָלאָשין
חבר און חברה סעם ווינאָקור
חבר און חברה באָריס ווינער
חבר און חברה י. ווייסשטיין
פיליפּ ווייסבערג
ב. וויינבערג
דזשייקאָב ווייסמאַן
ליליען ווינער
שלום וויינער
קלאַרענס וואָלטערס
ד. ווערטס
חבר און חברה ס. ווייסבערג
לואי און שפרה ווייס
חברה לינע ווישנע
סאָניע וויינבערג (ראָזעל, נ. דזש.)
דר. נתן און חברה זאַלצמאַן
חברה זשיטניק
חבר און חברה א. טעפער
חבר און חברה טיבערמאַן
חבר און חברה טשעסין
לינקע פועלי ציון
מאַקס לאַטמאַן

# באגריסונגען

חבר און חברה רפאל קליין
חבר און חברה ה. נעגין
חבר און חברה טש. ניומאַן
חבר און חברה אברהם וויינער
חבר און חברה משה מינקין
חבר סילווער
חבר דעניץ
מר. און מרס. לעהרער,
לאָנג איילאַנד סיטי, ניו יאָרק
פ. קאַרל, שוך סטאָרס
חיים שאַפּיראָ
פּאלין קאַנטאָר
מר. און מרס. קורשענבוים
ש. בערגער
פרידע, עלקע און הערשל אַלטמאַן
מר. און מרס. אלל און עדי רויער
מר. און מרס. מ.אפּפּעל
מר. און מרס. פּ. ווייסבערג
מר. און מרס. ל. לאַמעד
מר. און מרס. סאל שפּיגלמאַן
מר. און מרס. י. אַללקאַן
מר. י. י. קאגאַן,
נאָרטה האָליוואוד
מר. יעקב קארלין, — ניו יאָרק
מר. און מרס. מ. ס. הוירש
אַ גרופּע פריינט פון פרץ הירשביין
ניו יאָרק
מר. און מרס. מ. באַראָן
הנה פריינטליך
ד״ר. אַאַראָן
יוסף און ווארא גאלדבערג

מר. און מרס. לואי בערנסטיין
שייע און סאָניע בראַון
דר. וו. אָסטראָווסקי
יאַנקל און מערי גאָלדבערג
חברה בארט
אליהו טענענהאָלץ
יוסף און ראשע שאַפּיראָ
שרה לאזאר וויינער
ראובן שיפרין
יעטע אברהם שיפרים
פריינט און פריינדין
מ. מאַרקאָפּסקי
פריינט און פריינדין אַ. איזראַעל
פריינט און פריינדין וו. וויינטרויב
פריינט און פריינדין ס. בודמאַן
פריינט און פריינדין מ. פריינקל
פריינט און פריינדין מ. זאָגאַן
פריינט און פריינדין י. טולים
פריינט און פריינדין ה. שער
פריינט און פריינדין
נ. אַבראַמאָוויטש
פריינט און פריינדין י. אַבטייקייר
פריינט און פריינדין ל. פאל
פריינט און פריינדין יוסף קאַנטער
דאָרע לאָוואַ קייזער
שמחה ניסן
גלאַזמאַן מאַרקעט
אַרבעטער רינג ברענטש 443
גלאזמאַנ׳ס מאַרקעט
ס. ניסעם
חבר און חברה פּיטקאָווסקי

